סעריע „ליטעראטור פאר דער שול"

# די היינטצייטיקע פראָלעטארישע ייִדישע דיכטונג אין אמעריקע

(צונויפגעשטעלט פון ד. קורלאנד און ס. ראָכקינד)

מעלוכע־פארלאג פון ווײַסרוסלאנד
ייִדסעקטער
1932 מינסק

רעדאקטער—כ. דונעצ
ליטקאָרעקטור—פרידמאנ
טעכרעדאקטער—קארפינאָוויטש

אָפגעגעבנ אינ דרוקערײַ—דעם 3/XI 32 י.
אונטערגעשריבנ צום דרוק—דעם 5/I 33 י.
אויסגעזעצט פונ גרינהויס בריגאדע א.נ. מאָלאָטאָק
פאראנטוואָרט. קאָרעקטער שטריקמאנ

דרוקערײַ א. נ. סטאלינ

באשטעלונג 2496. טיראזש 3000. גלאוליטבעל 759.

# אינהאלט

## 10. מוישע נאַדיר



## 11. יאָסל קאָנ



## 12. ב. בורשטאָק



## 13. ל. קריוויצקי



## 14. ל. גאָרעליק



## 15. א. ראָנטש



## 16. ב. פרידמאַנ



## 17. נאָכעם ווײַסמאַנ



## 18. סאָרע באַרקאַנ



## 19. ל. מילער



## 20. פײַוול מעלצער



# II. מיטל־אמעריקע:

## 21. נ. ד. קאָרמאַנ



# III. דאָרעמ־אמעריקע:

## 22. מוישע קויפמאַנ



## 23. יאָסל גאָלדבערג

## 24. יאנקעװ פּלאפּאנ



## 25. ה. בלאָשטײנ



## IV. סאטירע:



## V. פאר ייִנגערע קינדער



## VI. ביבליאָגראפיע

## VII. אינהאלט לױט טעמעס

# פאָרוואָרט

## (צום לערער)

### 1

דער ליטעראַטור־לימעד אין שול, ווי יעדער אַנדער לימעד, האָט די אויפגאַבע אויסבילדן באַם שילער די מאַרקסיסטיש־לענינישע אידעאָלאָגיע, אַנטוויקלען באַם אונטערוואַקסנדיקן דאָר אַ רעוואָלוציאָנערע וועלט־אָנשויונג — די וועלט־אָנשויונג פון דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם.

די אינטערנאַציאָנאַלע קלאַסן־דערציִונג איז איינער פון די וויכטיקסטע קאַמפ־מיטלען פון רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט. אָן דעם איז אוממעגלעך צו דערגרייכן דעם אויבן־אָנגעמערקטן ציל.

אונדזער סאָוועטישער שילער מוז זײַן אין קורס פון די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן אין אויסלאַנד, פון די קלאַסן־שלאַכטן אַפן מײַרעוו, פון דער אַנטי־אימפּעריאַליסטישער, נאַציאָנאַל־באַפרײַערישער און פּראָלעטאַרישער רעוו. באַוועגונג אַפן מיזרעך, פון די העלדישע קאַמפן, וואָס עס פירט דער פּראָלעטאַריאַט צוזאַמען מיטן האָרעפּאַשנעם פויערטום קעגן זייערע עקספּלואַטאַטאָרן אין אַלע עקן וועלט. אונדזער יוגנט דאַרף לעבן מיט אָט די געשעענישן, וועלכע זײַנען אַן אויסדרוק פון אָנוואַקסנדיקן רעוואָלוציאָנערן קריזיס, פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אין גאָר דער וועלט, וואָס דערנעענטערט זיך, רוקט זיך אָן פון טאָג צו טאָג אַלץ נעענטער. דער שילער דאַרף באַנעמען, באַזינען און דורכפילן איר (דער רעוואָלוציעס) קאָלאָסאַלע וועלט־היסטאָרישע באַדײַטונג. ער דאַרף זיך גרייטן אַליין צו ווערן אַן אַקטיווער אָנטיילנעמער אין אָט דעם לעצטן און אַנטשיידנעם שטרײַט.

ס'וואָלט געווען אַ טאָעס צו מיינען, אַז אײַנגלידערן דאָס אַלץ אין שילערס באַוווסטזײַן איז די אויפגאַבע נאָר פון עם לימעד „געזעלשאַפט־קענטעניש", פון פּיאָנער־אָטריאַד, פון דער קינדער־צײַטונג א.ד.גל. די אינטערנאַציאָנאַלע קלאַסן־דערציִונג איז די אויפגאַבע פון דער שול אינגאַנצן גענומען, ליטעראַטור־לימעד אײַנגעשלאָסן.

אונדזער סאָוועטישע ליטעראַטור, וואָס מער זי הייבט אָן באַהערשן דעם דיאַלעקטיש־מאַטעריאַליסטישן שעפערישן מעטאָד, אַלץ מער דערנעענטערט זי זיך צו דער ריכטיקער, בוילעטער, קאָנקרעטער און פולער אָפּשפּיגלונג פון דער רעאַלער

ווירקלעכקייט. די פראָלעטארישע ליטעראטור האָט דעריבער ניט נאָר אַן עסטעטישע עמאָציאָנעל־אופווירקנדיקע באַדייטונג, נאָר אויך אַ באַדייטונג פאַר דער פּאָזיטיווער דערקענטעניש פון דער רעאַלער ווירקלעכקייט.

ניט קיין קליינע ראָל שפּילט אָבער אויך די בילדערישע אָנשוילעכקייט, דער עסטעטישער רייץ, די עמאָציאָנעלע אופווירקונג־קראַפט, וואָס די ליטעראטור פאַרמאָגט אַדאַנק איר ספּעציפישער בילדערישקייט. באַזונדערס איז דאָס וויכטיק אונטערצושטרייכן אין געגעבענעם פאַל, ווו די שילער באַגעגענען, אָפּטער ווי ערגעץ אַנדערשוו, פיל שוועריקייטן אינעם באַנעמען די גאַנצע קאָמפּליצירטקייט פון אָט דעם גרויסן קאָמפּלעקס פּראָבלעמען, וואָס דרינגט ארויס פון דער גרונט־פּראָבלעם—אינטערנאַציאָנאַליזם; צוליב דעם, וואָס דעם שילער פעלן דאָ אומיטלבאַרע איינדרוקן, צוליב דער געאָגראַפישער ווייטקייט פון געשילדערטן מאַטעריאַל א.א.וו. דאָ מוז דער לערער אין גאָר אַ גרויסער מאָס אויסנוצן דעם קינסטלערישן וואָרט און בילד, קעדיי צו דערגרייכן דעם געהעריקן עפעקט. די פּראָלעטארישע ליטעראטור דאַרף דאָ פאַרנעמען אַ כאָשעוון, בעקאָוועדיקן אָרט.

## 2

די פּראָלעטארישע ליטעראַטור לעבט אָבער, ניט נאָר אין סאָוועטנפאַרבאַנד. יונגע שפּראָצונגען פון פּראָלעטארישער קולטור און ליטעראטור קומען אוף אין יעדן לאַנד, ווו עס לעבט און קעמפט דער ארבעטער־קלאַס—ניט געקוקט אַף די שווערע באַדינגונגען פון פּוילן, צעפוילטן קאַפּיטאַליזם, ניט געקוקט אַפן שווערן דרוק פון פאַשיסטישער דיקטאַטור, אַף די דראַקאָנישע מאָסמיטלען פון דער צעווילדעוועטער רעאַקציע.

אין די פאַשיסטישע פּוילן, רומעניע, ליטע און אַנדערע לענדער מוז די פּראָלעטארישע ליטעראַטור צוזאַמען מיט דער גאַנצער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג לעבן אין טיפן אונטערערד. שרייבער־רעוואָליוציאָנערן ווערן אַרעסטירט און געפייניקט פונקט ווי אַלע אַנדערע רעוואָליוציאָנערע פּראָלעטאַריער. אָבער אויך אין די קלוימערשט „פרייע" צ.א.פ.ש., ווו אָפיציעל איז די פרייהייט פון וואָרט נאָך ניט אָפּגעשאַפט, האָט די קאָמוניסטישע פּרעסע—די איינציקע אָרגאַניזאַטאָרן פון דער פּראָלעטארישער ליטעראַטור אין קאַפּיטאַליסטישע באַדינגונגען—אַסאַך אויסצושטיין פון קאָלערליי עקאָנאָמישע און פּאָליציייִשע אונטערדריקונג־מיטלען, וועלכע ווערן וואָס ווייטער אַלץ גרעסער און שווערער, אַדאַנק דעם, וואָס עס וואַקסט פון טאָג צו טאָג די ווירקונג פון דער קאָמפּאַרטיי אַף די ארבעטער־מאַסן. קיין ווונדער ניט, וואָס אונדזערע פּראָלעטארישע שרייבער אין אַמעריקע שענקען אַזויפיל אופמערקזאַמקייט דער „מאָרגן־פרייהייט", וואָס זיי רופן זיך אָפּ די ערשטע אַף אירע אָפּטע רופן נאָך הילף. די קאָמפּרעסע איז ווירקלעך, ווי עס דריקט זיך אויס דער דיכטער בעצאַלעל פרידמאַן—„בלוט פון אונדזער האַרץ".

אַרגענטינע איז אַ בוילעטער באַווייַז, אַז צוזאַמען מיט דער פאַרטיפערונג פון קריזיס און אופשטייַג פון רעוואָליוציאָנערן באַוווסטזייַן פון די ארבעטער־מאַסן, שטאַרקט זיך אויך די רעאַקציע—דער ווייַסער טעראָר. אין די יאָרן 1927־1929 האָט נאָך דער אַרגענטינער ייִדישער פּראָלעטארישער דיכטער בלאָשטיין געקענט באַזינגען

די ערשטע אופטועג פונ רעוואָליוציאָנערנ ארבעטער־קלאס אינ געביט פונ פראָלע־טארישער קולטור („מיר בויענ א ביבליאָטעק", „ארבטולאָרג" א.א.וו.), דאנ האָבנ נאָך די ארבעטער, ניט געקוקט אפנ טעראָר פונ די „בלאָע רעק", נאָך געהאט וועלכע עס איז לעגאלע מעגלעכקייטנ צו אָרגאניזירנ זיכ אינ רעוואָליוציאָנערע „סינדיקאטנ" א.א.וו. עפשער צוליב דעם זעענ מיר, אז זייַנע מער רעוואָליוציאָנער־פארשארפטע לידער זייַנענ אינספירירט געווענ, פונ איינ זייַט, פונעם ווילדנ פאשי־סטישנ טעראָר אינ ליטע—„זייַנ פארפייַניקטע היימ" („אינ אונטערערד", „באמ לייענענ דעם קאָוונער „פיאָנער""), אונ פונ דער אנדער זייַט, פונ „אונדזער שטראלנדיקער בויענג"—דאָ אינ סאָוועטנפארבאנד. איצטער, נאָך דער פאשיסטישער איבערקערעניש, האָט ער שוינ ארויסגעוואנדערט פונ ארגענטינע, אונ מוישע קויפמאנענ (א צווייטנ ארגענטינער דיכטער) קומט שוינ אויס צו שרייַבנ לידער פונעם אונטערערד—אינ ארגענטינע גופע. צוזאמענ מיט דער גאנצער קאָמבאוועגונג איז אויכ די פראָלעטא־רישע ליטעראטור געוואָרנ אומלעגאל אונ ווערט טעראָריזירט.

**3**

מיט דעם ביכל האָבנ מיר זיכ דעריבער געשטעלט א ציל—פארפילנ א וויכטיקנ בלויז אינ ליטעראטור־געביט פונ אונדזער שול: באקענענ דעם שילער מיט די שאַ־פונגענ פונ דער פראָלעטארישער ליטעראטור אינ אויסלאנד. מיר האָבנ זיכ באגרע־נעצט סייַ געאָגראפיש (אמעריקע), סייַ נאציאָנאל (יידישע פראָלעטארישע ליטעראטור), סייַ מיט די ראמענ פונ געוויסע זשאנרענ (פאָעזיע). צוליב סיבעס, וואָס דארפנ נאָך אויסגעפאָרשט ווערנ, אנטוויקלט זיכ די פראָלעטארישע פאָעזיע אינ דער ערשטער צייַט אסאך אינטענסיווער, איידער די פראָזע. דאָס הייסט אָבער ניט, אז מיר פאר־מאָגנ שוינ דאָרטנ ניט קיינ היפשע פראָזע, מיט וועלכער ס'איז קעדייַ צו באקענענ אונדזער שול־יוגנט, דאָס הייסט אוודע ניט, אז מיר דארפנ זיכ באנוגענענ נאָר מיט דער אמעריקאנער פראָלעטארישער ליטעראטור, אונ, אז נאָר מיט דער יידישער—אוודע אונ אוודע ניט. אונדזער ביכל באטראכטנ מיר נאָר ווי אנ אָנהייב פונ דעם מינ, ווי א פרווו צו ברעכנ די מעכיצע, וועלכע עס איז געווענ צווישנ אונדזער שול אונ דער ברידערלעכער פראָלעטארישער ליטעראטור אינ אויסלאנד.

כוץ איינִיקע, עפשער, נעמענ (אָלגינ, נאדיר, בלאָשטיינ) זייַנענ די גרעסטע צאָל דיכטער, וועמעס ווערק מיר גיבנ דאָ, געווענ ביז דער לעצטער צייַט נאָך אינגאנצנ אומבאקאָנט אונדזער שול־יוגנט, אונ אויב מיר האָבנ קיינ טאָעס ניט—אפילע אויכ דעם דערוואקסענעמ ארבעטער־לייענער. אינ אונדזערע שולנ, קלובנ, ביבליאָטעקנ קענענ מיר נאָך אדײַיעמ געפינענ צענדליקער ביכער פונ די הייַנטצייַטיקע בורזשואזע אונ רעאקציאָנער־קליינבירגערלעכע יידישע שרייַבער, אָבער זייער זעלטנ וועט איר געפינענ דאָרטנ א בוכ פונ א דאָרטיקנ אונדזעריקנ. ניט דאָ איז דאָס אָרט אָפּצו־שטעלנ זיכ אפ די סיבעס פונ דער דערשייַנונג. ס'איז אָבער קלאָר, אז אזא לאגע אפ ווייַטער דולדנ קענ מענ ניט אונ מע טאָר ניט. די אויסלענדישע פראָלעטארישע ליטעראטור, אייַנגעשלאָסנ אויכ די יידישע פראָלעטארישע ליטעראטור פונ אויסלאנד, מוז פארנעמענ איר געהעריקנ אָרט אומעטום בא אונדז, אונ אויכ אינ שול.

## 4

חענ מיר באקאָנענ זיכ אפילע בלויז מיט דער טעמאטיק פונ אָט דער דיכטונג, װאָס מיר ליגנ דאָ פאָר, װערט פאר אונדז דאָס אויבנגעזאָגטע נאָכ קלאָרער. און װירקלעכ, אפריאָרי, קענ מענ זיכ פאָרשטעלנ, אז די אויסלענדישע פראָלעטארישע ליטעראטור, א טייל פונ אונדזער אלגעמיינער איינהײַטלעכער לויטנ סאָציאַליסטישנ אינהאלט (אינ געגעבענעם פאל איינהײַטלעכער אויכ לויט דער נאציאָנאלער פאָרם, אפ װיפל זי איז אנ אָריגינעל ייִדישע) ליטעראטור, קענ ניט ניט אינטערעסירנ אונ־דזער לייענער. אָבער ערשט גענויער באקאָנענדיק זיכ מיט די װערק גופע, זעענ מיר, װי װײַט די גרעסטע מערהײַט זייערע איז אונדז בלוטיק אייגנ: דער אלגעמיי־נער קריזיס פונ קאפיטאליזם, די געװאלדיקע ארבעטלאָזיקײַט, דער הונגער, די נויט, די פאופעריזאציע פונ די ארבעטנדיקע מאסנ, דער אָנװוקס פונ רעװאָליוציאָנערנ קריזיס—פונ איינ זײַט, אונ דאָס ארופלייגנ די גאנצע לאסט פונ דעם קריזיס אפ דער ארבעטער־באפעלקערונג, דער פאשיסטישער טעראָר, די פארזוכנ פונ דער בור־זשואזיע אויסצוגעפינענ אנ אויסװעג פונ דעם קריזיס אינ א מילכאָמע קעגנ סאָװעטנ־פארבאנד, פונ דער אנדער זײַט—אָט די אלע צענטראלע פראגנ פונעם דריטנ פעריאָד, װאָס זײַנענ גלײַכצײַטיק די צענטראלע טעמעס פונ אונדזערע דאָרטיקע דיכטער, אינטערעסירנ אונדז ניט נאָר בלויז פונ אינטערנאציאָנאלנ שטאנדפונקט, דאָס זײַנענ פראגנ, װאָס האָבנ א דירעקטע שײַכעס צו אונדזער סאָציאַליסטישער װירקלעכקײַט, דאָ, בא אונדז.

ס'איז שװער איבערצורעכענענ די גאנצ רײַכע טעמאטיק פונ אונדזערע דאָרטיקע דיכטער. די פראָלעטארישע ליטעראטור שפיגלט אָפ ניט נאָר די ניצכוינעס אונ מא־פאָלעס, לײַדנ אונ פריידנ פונעם ארבעטער־קלאס איבער יענעם זײַט אָקעאנ, זי איז אויכ זייער פילבאר צו אלצ, װאָס קומט פאָר אויסער די גרענעצנ פונ אמעריקע: אינ כינע, פאלעסטינע, דײַטשלאנד, פוילנ א.א.װ. מיט א באזונדער אינטערעס שפירנ זיי נאָכ דער סאָציאַליסטישער בויונג דאָ בא אונדז:

> ... מיר ציילנ דאָ מיט ציטער אײַער יעדנ זיגנ
> װיפל נײַע הײַזער עס זײַנענ שוינ בא אײַכ פאראנענ,
> אונ װיפל נײַע טיילנ אינ יעדערער פאבריקן

(אײַזיק פלאטנער).

## 5

אינ ביכל זײַנענ פאָרגעשטעלט בא א 30 שרײַבער. א גרויסער טייל פונ זיי זײַנענ ארבעטער. די גרעסטע מערהײַט זייערע זײַנענ אקטיװע אומיטלבארע אָנטייל־נעמער אינ די דאָרטיקע קלאסנ־שלאכטנ, מיטגלידער פונ די רעװאָליוציאָנערע מאסנ־אָרגאניזאציעס, מיטגלידער פונ די פראָלעטארישע שרײַבער־אָרגאניזאציעס—„פראָלעט־פענ" אונ „נײַװעלט". א טייל פונ זיי זײַנענ געקומענ אינ דער פראָלעטארישער ליטעראטור פונ דער פרעמד, נאָכ לאנגע װאקלענישנ (נאדיר, גאָרעליק, ראָנטש אונ אנד.). אנדערע װידער, די ייִנגערע, האָבנ שוינ זייערע ערשטע ליטערארישע טריט אָנגעהויבנ

אין די רייען פון דער פראָלעטאַרישער ליטעראַטור. דער עצם פאַקט פון אָנשליסן זיך אָן דער פראָלעטאַרישער ליטעראַטור ווערט דאָרטן פון קלאַסן־סוינע גאַנץ ריכטיק אָפּגעשאַצט, ווי אַן אָנשלוס אָן רעוואָליוציאָנערן פליגל פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. דאָס איז אָבער גלײַכצײַטיק פאַרבונדן מיט געוויסע מאַטעריעלע קאָרבאָנעס; די טרויעריק־באַרימטע אַמעריקאַנער פּראָפּבוראָקראַטן וואַרפן זיי דער־פאַר אַרויס פון די פאַריײנען, מע אַנטזאָגט זיי פון דער אַרבעט א.א.וו. א.א.וו. צום אונטערשייד פון די „פען־קנעכט"—מיטאַרבעטער פון דער פאַשיסטישער און סאָציאַל־פאַשיסטישער פּרעסע, וואָס מאַכן א לעבן פון פעטן בורזשואַזן טיש—לעבן אונדזערע פראָלעטאַרישע שרײַבער פונעם „גאָלדענעם לאַנד" אין דאַכקעס און נויט. די קאָמוניסטישע פּרעסע קאָן בא איר איצטערדיקער לאַגע אין גאָר א קליינער מאָס זיכערן זייער עקזיסטענץ. דאָס אַלץ אָבער האַלט זיי ניט אָפּ. מיט נאָך מער אַקשאָנעס קעמפן זיי מיט וואָרט און טאַט קעגן די פאַרביטערטע קלאַסן־סאָנים.

עס וואָלט אָבער געווען א טאָעס צו מיינען, אַז אָט די אַלע שרײַבער זײַנען ווי פון איין גוס, אַז אַלע שטייען זיי שוין אויף דער געהעריקער הייך פון פראָלע־טאַרישן קלאַסן־באַוווסטזײַן. פאַרקערט, בא א היפּשער צאָל כאַוויירים שרײַבער איז נאָך אָט דער באַוווסטזײַן היפּש פאַרנעפּלט. אייניקע פון זיי (ראָנטש, גאָרעליק, טיילוויַז בירנבוים און אַנד.) האָבן נאָך ניט אינגאַנצן אויסגעלעבט פאַרשיידענע קליינבירגערלעכע שטימונגען. אָפּט טרעפן מיר דאָ און דאָרט רעשטלעך פון נאַציאָ־נאַליזם (י. קאָטלער, אב. וויקטאָר און אַנד.), אַנאַרכיזם (י. קאָן, ערטערווײַז בא קויפּמאַנען און אַנד.), פּאַציפיזם א.א.וו. א טייל ווידער זײַנען נאָך ניט פרײַ פון וווּלגאַר־מאַטעריאַליסטישער וועלט־אויפפאַסונג. די געפאַר פון ווירקונג פונעם בורזשואַזן, קליינבירגערלעכן אַרום איז אויך בא אַנדערע שרײַבער גאַנץ באַדײַטנדיק.

אונדזערע שרײַבער קומט דעריבער אויס צו מאַכן גרויסע אָנשטרענגונגען, כדי אַרויסבאַפרײַען זיך פון קאָלערליי בורזשואַזע ווירקונגען. ניט יעדערן געלינגט עס אין דערזעלבער מאָס. איינצלנע, ווייניק־שטאַנדהאַפטיקע כאַווירים, האַלטן ניט אויס אָט דעם דרוק, רײַסן זיך אָפּ אינגאַנצן, אָדער אַפּ האַלב פון דער פראָלע־טאַרישער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג, און דערמיט גופא שטעלן זיי זיך שוין אויסער די רייען פון דער פראָלעטאַרישער ליטעראַטור. פאַרן לעצטן יאָר האָבן מיר געהאַט אַזעלכע פאַלן ניט ווייניק: י. גרינשפּאַן, ל. סאַברין, מייענקע קאַץ, קראַוועץ—אָט איז דער ניט פולער צעטל פון די פּאָליטיש ניט־שטאַנדהאַפטיקע, וואָס זײַנען צוליב דער אָדער יענער קאָנקרעטער סיבע אַרויסגעפאַלן פון די רייען פון דער רעוו. פראָלעט. ליטעראַטור[1]). וואָס ווײַטער וואַקסט אַלץ מער דער אײַנפלוס פון דער רע־וואָליוציאָנערער אידעאָלאָגיע אויף די פראָלעטאַרישע מאַסן. דאָס ברענגט א שטענדיקן צופלוס פון קרעפטן אויך אין דער רעוואָליוציאָנערער ליטעראַטור. אָנשטאָט די וואַקלענדיקע מיטלויפער קומען צו נײַע יונגע קרעפטן (י. קעניגשטיין, ל. מילער און אַנד.). אין דער צײַט ווען די בורזשואַזע ליטעראַטור און קולטור לעבט איבער, צוזאַמען מיט דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם, א קאָלאָסאַלע יערידע, ווערט

[1]) דער דיכטער גרינשפּאַן איז שוין איצטער צוריק־געקומען אין דער „מאָרגן־פרײַהײַט". עס קומען צוריק אויך אייניקע אַנדערע אַנטלאָפענע שרײַבער, א שטייגער, דער טאַלאַנטפולער פּראָזאַיקער ראַבוי א. אַנד.

וואָס ווײַטער אַלץ מער רעאַקציאָנער און דעגראַדירט[1], האַלט די פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור אין אַמעריקע אין איין וואַקסן. בײַ הײַנטיקן טאָג פאַררייניקט זי שוין די בעסטע, בעעמעס־שעפערישע עלעמענטן פון לאַנד און ווערט אַ גרויסע צוציִונג־קראַפט אויך פאַר דעם טייל אינטעליגענץ, וואָס זוכט און איז פייִק אַרויסצובאַפרײַען זיך פון בורזשואַזן קלעם.

די מאַרדייגע פון מײַסטערשאַפט איז אויך זייער אַ פאַרשיידענע בײַ באַזונדערע שרײַבער פון אָט דער גרופּע, ווי פאַרשיידן ס'זײַנען זייערע שעפערישע מעטאָדן. פאַר אַלגינען, לעמאָשל, איז כאַראַקטעריסטיש די רעוואָלוציאָנערע פּאַטעטיק. אין אַלגינס שאַפונג זעען מיר אָנשוילעך דעם איבערגאַנג פון פּובליציסטיק אין קונסט. זײַנס אַ לייטאַרטיקל („ערשטער מײַ", „דער העלד" און אנד.) האָט אין זיך די עמאָציאָנעלע אָנגעזעטיקטקײַט און ריטמישקײַט פון אַ ליד. ערטערווײַז זײַנען זיי אויך שטאַרק בילדעריש. פאַרקערט, אַ ליד זײַנס איז זייער אָפט („קאָמינטערן" און אנד.) געדיכט איבערגעפּלאָכטן מיט פּובליציסטישער ריטאָריק. די ריטאָריק איז אָבער בײַ אים ניט קיין טרוקענע. פאַראַן דאָרט אַזאַ צאַרטער ליריזם, וואָס שוואַכט אָפּ, פאַרווישט אָפּ די אָנגעצויגנקײַט.

אויך נאַדיר איז אָפטמאָל פּאַטעטיש („געזאָלט", „אונטער דער ערד" און אנד.), נאָר דאָס איז נאָר בײַ אים איינע עלעמענט פון די פּילצאָליקע, זייער פאַרשיידנאַרטיקע און ווידערשפּרעכלעכע עלעמענטן אין זײַן שאַפונג. זײַן פּאַטעטיק ווידער איז אָפט סימוואָליסטיש באַהויכט. ביקלאַל איז נאַדיר זייער שטאַרק אין זײַן נעגאַציע: אין עם סאַטירישן פעליעטאָן, פּאַמפלעט, פּאַראָדיע א.א.וו. דאָרטן איז ער בײַסיק, גאַליק, שאַרפזיניק. דאָרט איז די שפּראַך בײַ אים אַ שפּרודלדיק־שעפערישע, דאָס בילד — קאַריקאַטור־אַרטיק פאַרשאַרפט. אַלץ שלאָגט טרעפלעך אין פּינטל. גייט ער אָבער איבער צו פּאָזיטיווע דערשײַנונגען, איז אָדער ער ווערט פלאַקאַטנמעסיק, אָדער (ווי אין „בורזשוי, דערלאַנג אהער די וועלט", ווען ער פּרוווט זיך מאָלן די צוקונפט) ער ווערט זיסלעך־סענטימענטאַל. דאָס באַווײַזט, אַז אָט דער גרויסער דיכטער אונדזערער האָט נאָך ניט געגנוג טיף באַנומען אונדזער רעוואָלוציאָנערע ווירקלעכקײַט, אַז ער באַהערשט נאָך ניט אין דער געהעריקער מאָס דעם פּראָלע־טאַרישן מעטאָד.

די לעצטע יאָרן, — באַזונדערס, נאָכן העסלעכן פּאַראַט פון ליוויק, רייזין עט קאָמפּ. — זעען מיר בײַ נאַדירן אַ קאָלאָסאַלן אידייִש־קינסטלערישן וווּקס. נאַדיר האָט אַנטשלאָסן זיך איבערבאַוואָפנט. ער האָט סובלימירט דעם געוועזענעם באַהעמיש־אינטעליגענטישן כוזעק אין פּאָליטיש־פאַרשאַרפטער סאַטירע; די קליינבירגערלעכע אַנאַרכיסטיש־אינדיווידואַליסטישע בונטאַרישקײַט — אין צילגעווענדטער, קלאַסאָווער, פּראָלעטאַרישער קעמפערישקײַט א.א.וו. שעפעריש, אָבער, קען נאָך ניט נאַדיר, ווי

[1]) די אַלגעמיינע דעגראַדאַציע פון דער בורזשואַזער קולטור שליסט ניט אויס, אַז ס'זאָל פאָרקומען אויך אַ געוויסער וווּקס פון דער בורזשואַזער קולטור (פאַרשטייט זיך — רעאַקציאָנערער). שוין צוליב דעם אַליין, וואָס די בורזשואַזיע איז געצוווּנגען מאָביליזירן אַלע אירע קרעפטן צום קאַמף מיט דער רעט. אַרבעטערשאַפט. אַנדערש, וואָלט מען קענען קומען צו פאַלשע (ליוקסעמבורגיאַנישע) אויספירן, אַז דער קאַפּיטאַליזם צעפאַלט זיך פון זיך אַליין.

געהעריק איז, זיך צאמען. ער איז נאָך ניט געניג שעפעריש דיסציפלינירט. ער צעוואַרפט זיך אָפט, צעבײַט זיך אף קלייניקײַטן (גראָד ניט זײַן סאָריע „פען און ביקס" האָבן מיר דאָ אין זינען. פארקערט, מיר שאצן זייער הייך אָט די געזעלשאפט־לעכע אקטיוויטעט, די פּאָליטישע פארשארפטקײַט, נאדירס, באם באלויכטן פארשיידע־נערליי טאָג־פראגן פון וויכטיקער פּאָליטישער באדײַטונג). ניט געקוקט אף דעם, וואָס אויך דאָרטן זײַנען צעשאָטן עכטע קונסט־פערל, איז פונדעסטוועגן א שאָד צעשפּליטערן זיך, זיך צעשטויבן. אָנשטאָט זײַן עקסצענטריש־פארשווענדעריש דארף נאדיר ווערן מער קאָנסטרוקטיוו־בויעריש. דאמאלט וועלן אויך זײַנע קלעפּ איבער אונדזערע קלאסן־סאָנים זײַן מער ווירקפול, מער פארניכטנדיק. נאדירס סאטירע וואָרצלט אָן שום סאָפעק אין דער שאפונג פון ווינטשעווסקען (באזונדערס האָט נאדיר אסאך געיארשנט פון דעם זיידנס פעליעטאָנען). נאדיר גופא אָבער האָט שוין הײַנט א גאנצע ריי טאלמידים (כאסמאל, אמכאָ, יאָסל קאָטלער און אנד.). זײַן אײַנפלוס איז זייער גרויס אף דער גאנצער פראָלעטארישער ליטעראטור אין אמעריקע. כאראקטעריסטיש איז, אז צענדליקער נאדירישע אויסדריקן זײַנען שוין אזוי ארײַנ־געדרונגען אין די געדיכטע מאסן אמעריקאנער יידישע ארבעטער, אז זיי ווערן שוין אפילע באנוצט אין פארטייִשע אופרופן...

פלאטנער—איז אָן שום סאָפעק איינער פון די טאלאנטפולסטע יידישע פראָלע־טארישע דיכטער אין אמעריקע. ער פארמאָגט שוין א געזונטע פראָלעטארישע באציִונג צו ארבעט. ער איז איינער פון די ווייניקע דאָרטיקע דיכטער, פאר וועמען ארבעט איז ניט קיין אבסטראקציע, און געוויס ניט קיין אומאָנגענעמע אומפארמײַד־לעכקײַט, נאָר א קאָנקרעטער לעבן־אינהאלט. אויב אין די פריִערדיקע זײַנע לידער זעען מיר נאָך ניט בא אים קיין דיאלעקטישן צוגאנג צו אָט דער ארבעט־פראָבלעם („ארבעט", „איך ארבעט", „אין זוניקן וואונדער"), האָט דער וווּקס פון קריזיס, אר־בעטלאָזיקײַט א.א.וו. מיטגעהאָלפן אויסצושמידן אָט דעם באנעם, און ביקלאל מער פּאָליטיש פארשארפט זײַן דיכטונג („יידיקע הענט" און אנד.). פונקט אזא געזונטן כוש האָט פלאטנער אויך פאר דער נאטור, וועלכע ער זעט שטענדיק אין סאָציִאלן ליכט. אין דעם זין האָט ער זײַנע פאָרגייער אין די ערשטע יידישע פראָלעטארישע שרײַבער (באזונדערס אין באָוושאָווערן). פלאטנערס דיכטונג איז א שטארק בילדע־רישע. זײַן בילד איז, מיט קליינע אויסנאמען, א קאָנצענטרירטע, פארגאנצטע. די שפּראך זײַנע איז א פּאָשעטע, אָבער ניט קיין אויסגעדראָשענע־שאבלאָנע. דער טאָן פון זײַן ליד—אן אינערלעך־רויִקער, געצאמטער. זײַן באליבטסטער זשאנר—סאָציִאל־פארשארפטע ליריק.

עס איז אונדז אומעגלעך זיך אָפּצושטעלן עטוואָס גענויער אף די שאפונגען פון די אנדערע, ניט ווייניקער באדײַטנדיקע דיכטער, וואָס גייען ארײַן אין דער זאמ־לונג. דאָס דארף געטאָן ווערן אין א ספּעציִעלער ארבעט. דערווײַל האָבן מיר נאָך ניט פאר זיך ניט די נייטיקע דערצו מאטעריִאלן, ניט קיין צײַט, אָרט און מעגלעכ־קײַטן. די עטלעכע קורצע סכעמאטישע כאראקטעריסטיקעס האָבן מיר געבראכט נאָר צו באווײַזן, אז אויך דאָרטן, פון יענער זײַט יאם, קומט פאקטיש פאָר אין די ראמען פון דער פראָלעטארישער ליטעראטור א שעפערישער געוועט, כאָטש קיינע שעפערישע גרופּירונגען עקזיסטירן נאָך דאָרטן ניט דערווײַל... מיר דארפן אָבער

אָפמערקנ, אז א גרויסער טייל שרײַבער לײַדנ נאָכ דאָרטנ (ווי דאָ, בא אונדז) אפ סכעמאטיזם, אבסטראקטער דעקלאראטיווקײַט. עס פעלט נאָכ דער קאָנקרעטער פאָזי־טיווער העלד; דאָס לעבנ פונ פאבריק פארנעמט נאָכ אינ דער דאָרטיקער פראָלע־טארישער דיכטונג א צו קליינעם אָרט א.א.וו. א גרויסער טייל פונ די שרײַבער זײַנענ נאָכ טעאָרעטיש זייער שוואכ באוואָפנט. דער אלגעמיינ פאָליטיש־קולטורעלער ניוואָ זייערער איז נאָכ דערווײַל, צוליב פארשטענדלעכע סיבעס, מערקבאר נידערי־קער, איידער דער דורכשניטלעכער ניוואָ, צו וועלכנ עס האָבנ שוינ דערגרייכט די מערהײַט אונדזערע פראָלעטארישע שרײַבער אינ סאָוועטנפארבאנד. דער אײַנפלוס פונ די לעצטע (באזונדערס פונ מאיאקאָווסקען, כאריקנ אונ פעפערנ) איז קענטיק אפ א גאנצער ריי פונ אונדזערע דאָרטיקע פראָלעטארישע שרײַבער (קורצ, פריד־מאנ, בלאָשטיינ אונ אנד.). קענטיק אָבער איז אויכ, אז זיי לערנענ זיכ ניט נאָר בא אונדזערע שרײַבער, נאָר אויכ פונ די קאָמינטערנישע „וועלט־איבערבויענדיקע אינסטרוקציעס“. אינ דעם ליגט די גאראנטיע, אז אויכ אונדזערע כאוויירים־שרײַבער פונ אויסלאנד וועלנ אינגיכנ אויסלעבנ די פאראנענע בא זיי פעלערנ אונ גיינ מיט שנעלע טריט פאָרויס צום זיג.

## 6

מיר חילנ נאָכ אָנווײַזנ דעם לערער אפ אייניקע מאָמענטנ פונ מעטאָדישנ כא־ראקטער, וואָס האָבנ א שײַכעס צום דורכארבעטנ דעם געגעבענעם מאטעריאל.

דאָס ביכל, ווי אלע איבעריקע פונ דער סעריע, איז באשטימט פארנ צווייטנ קאָנצענטער. אינ אונדזער שול־פראָגראם איז לײדער אזא מאטעריאל ניט אָנגעוויזנ געוואָרנ. מיר האלטנ אָבער, אז אפילע, ווענ דער לערער זאָל שטרענג זיכ האלטנ בא דער פראָגראם קענ ער אויכ אונ דארפ אײַנשליסנ דידאָזיקע ליטעראטור אינ די פראָגראם־טעמעס. ניט נאָר ס'איז געוווּנשנ, נאָר ס'איז א כויוו, אז ווענ מע ארבעט אינ שול (פינפטער אונ זעקסטער קלאס) אפ די טעמעס „דער קאמפ פאר סאָציאליסטישער בויונג אינ שטאָט אינ דער פראָלעטארישער ליטעראטור“ (אָדער אפ דער לעצטער טעמע פונ דער פראָגראם פארנ זיבעטנ קלאס) זאָל פאראלעל אויכ דורכגעארבעט ווערנ א געוויסער קינסטלערישער מאטעריאל, וואָס שילדערט דעם איצטיקנ קריזיס פונעמ אימפעריאליזם מיט אלע זײַנע פאָלגנ. אזא קעגנשטעלונג וועט אָנ שום ספק אסאכ מיטהעלפנ דעם שילער צו באנעמענ דעם טהאָם, וואָס ליגט צווישנ די צוויי סיסטעמעס—קאפיטאליזם אונ סאָציאליזם, אויכ דורכ דער ליטערא־טור. צו דער טעמע „ליטעראטור פונ רויִנירטנ, קאָנסערוואטיווע קליינבירגערטום אינ פעריאָד פונ פאנאנדערגעוויקלטנ קאפיטאליזמ“ (זעקסטער אונ זיבעטער קלאס) קענ אויכ צוגעגעבנ ווערנ א טייל מאטעריאל פונ אינדזער זאמלונג, וואָס זאָל קינסטלע־ריש באלויכטנ דעם מעהאלעכ פונ אָט דער דערמאָנטער עפאָכע ביז צום הײַנטיקנ טאָג, ווענ דער קאפיטאליזם איז שוינ אינגאנצנ צעפוילט אונ אינ צוזאמענהאנג מיט דעם: די ווײַטערדיקע פארטיפערטע דיפערענציאציע פונ קליינבירגערטום, אונ בא־זונדערס—דעם אופשטײַג פונ דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג צווישנ די ארבעטער אונ פויערים־מאסנ.

דאָסזעלבע קען און דאַרף געטאָן ווערן אויך בא אנדערע שול־טעמעס: צו דער פינפטער טעמע פאַרן פינפטן קלאַס און דריטער—פאַרן זעקסטן („דער קאַמף פאַר אָקטיאַבער־רעוואָליוציע אין פעריאָד פון בירגער־קריג א.א.וו.“) קען און דאַרף צוגע־געבן ווערן די ליטעראַטור, וואָס שפּיגלט קינסטלעריש אָפּ דעם קאַמף פון אַמערי־קאַנער פראָלעטאַריאַט פאַר זײַן אָקטיאַבער, דעם קאַמף קעגן אימפּעריאַליזם, קעגן קאַלאָניאַלן רויב, קעגן דער צוגרייטונג פון א נײַער וועלט־מילכאָמע, פאַר פאַרטיידיקן דעם סאָוועטנפאַרבאַנד. ענלעכעס קען אויך דער לערער אויפטאָן באַם באַאַרבעטן די טעמע „דער קאַמף פאַר קולטור־רעוואָליוציע און נײַעם שטייגער אין דער פראָ־לעטאַרישער און סאָוועטישער ליטעראַטור“ (פינפטער קלאַס). ס׳איז אויך ווינטשנס־ווערט, אַז ווען מע דערלערנט אין שול די עלטערע אַמעריקאַנער ייִדישע אַרבע־טער־דיכטער (ווינטשעווסקי און ראָזענפעלד) זאָל פאַראַלעל געבראַכט ווערן אויך אייניקע מוסטערן פון דער הײַנטצײַטיקער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור אין אַמעריקע, כדי באַווײַזן דעם וווּקס פון אונדזער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, די חירקונג פון די ערשטע אַרבעטער־דיכטער א.א.וו. א.ד.גל.

מיר האָבן דאָ ניט געגעבן קיין גרייטע רעצעפּטן. דער לערער וועט שוין פון די געבראַכטע בײַשפּילן אַליין קענען אײַנזען, ווי נייטיק עס איז אײַנצופלעכטן דעם מאַטעריאַל, וואָס מיר ברענגען דאָ אין דער זאַמלונג, ווי א צוגאָב אין די ליטעראַ־רישע כרעסטאָמאַטיעס און לערנביכער, וואָס ווערן גענוצט אין שול. כדי צו פאַר־גרינגערן אָט די אַרבעט, האָבן מיר צום סאָף צוגעגעבן דעם „טעמאַטישן אינהאַלט“, דער לערער זאָל גרינג קענען אָפּזוכן דאָס נייטיקע פאַר אים. דער טעמאַטישער צעטל דאַרף אויך מיטהעלפן דעם לערער באַם דערלערנען באַזונדערע שרײַבער, וואָס גייען אַרײַן אין דער זאַמלונג, דורך מאַכן פאַרגלײַכן א.א.וו.

ס׳איז עפּשער ניט נייטיק אָנצווײַזן, אַז ניט די גאַנצע ליטעראַטור פון אָט דער זאַמלונג מוז דורכגעאַרבעט ווערן דווקא אין שול גופא. ניט די באַגרענצטע לערנ־שאָען דערלויבן דאָס, און ניט ס׳איז נייטיק צוליב אונדזערע צילן. דער גרעסטער טייל פון דער זאַמלונג קען פאַרגעבן ווערן צום זעלבשטענדיקן לייענען. ס׳איז נאָר נייטיק דער לערער זאָל קומען צוהילף דעם שילער מיט די געהעריקע אָנווײַ־זונגען. דער לערער דאַרף דאַ האָבן אין אויג די ספּעציפישקײַט פון אָט דער ליטע־ראַטור: ניט געקוקט אַף דער אַקטועלקײַט פון דער טעמאַטיק, ניט געקוקט אַף דער באַזונדערער צוציִונג־קראַפט, וואָס עס פאַרמאָגן די ווערק פון רעוואָליוציאָנערע שרײַבער אין אויסלאַנד (דער לערער דאַרף עס אויסנוצן!) און ניט געקוקט אַף דעם, וואָס דאָסראָוו פון די געגעבענע שרײַבער באַמיִען זיך אויסדריקן זייערע געדאַנקען אין אַן אייניפאַכער שפּראַך, אין אייניפאַכע בילדערישע פאָרמען—קומט דאָך דאָ אויס דעם שילער האָבן צו טאָן מערסטנטייל מיט א ווײַטן פון אים מאַטעריאַל, מיט אומבאַקאַנטע, אָדער ווייניק באַקאַנטע פאַקטן און געשעענישן. פון לערער פאָדערט זיך, דעריבער, ער זאָל קומען צוהילף דעם שילער מיט היסטאָריש־פּאָליטישע, געאָ־גראַפישע ספּראַווקעס און דערקלערונגען צו דער אָדער יענער ליד. די מער קאָמ־פּליצירטע ווערק דאַרפן דורכגעאַרבעט ווערן אין שול גופא.

דעם מאַטעריאַל האָבן מיר קאָמפּלעקטירט לויט די שרײַבער—דער לייענער זאָל באַקומען א געוויסע פאָרשטעלונג וועגן אידייִש־קינסטלערישן פּאָנעם פון באַזונדערע

שרײַבער, וואָס דאָס איז דאָס וויכטיקסטע באַם דערלערנען ליטעראַטור. אין אײַנשטעלן די אָרדענונג לויט וועלכע די שרײַבער גייען האָבן מיר זיך ניט געהאַלטן בײַ אַ וועלכן ס'איז קאָנסעקווענט־אויסגעהאַלטענעם פּרינציפּ. ריכטיקער געזאָגט, מיר זײַנען דאָ אַרויסגעגאַנגען ניט פֿון איין פּרינציפּ (באַזונדערע לענדער, שטופֿע פֿון שרײַבערס, פּאַרטיייִשקײַט, טעמאַטיק א.א.וו.).

די ביבליאָגראַפֿיע, וואָס מיר האָבן געגעבן, איז ווײַט ניט קיין פֿולע. מיר האָבן אָנגעוויזן נאָר דאָס וויכטיקסטע פֿון דאָס, וואָס אונדז איז אויסגעקומען צו זען. אָבער אָט די ניט פֿולע און ניט פֿולשטענדיקע ביבליאָגראַפֿיע קען דאָך געבן אַ בערערכדיקע פֿאָרשטעלונג וועגן דער גאַנצער רײַכער ליטעראַטור, וואָס ווערט דאָרט געשאַפֿן. זי ווײַזט אויך אָן אויף דער „שער", וואָס עס עקזיסטירט דאָרט צווישן דער קינסטלערישער פּראָדוקציע און דער נאָך זייער אָרעמער קריטיק. באַזונדערס איז קערדײַ אָפּצוצייכענען דאָס, וואָס אונדזערע מאַרקסיסטישע קריטיקער פֿון סאָוועטנפֿאַרבאַנד (מיטן אויסנאַם פֿון כאַווער דונעץ) האָבן זיך נאָך לאַכלוטן ניט פֿאַרנומען מיט דער דאָרטיקער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, אויב ניט רעכענען אַ צוויי־דרײַ שוואַכע רעצענזיעס.

צום סאָף בעטן מיר דעם לערער, לייענער א.א.וו. אָפּרופֿן זיך אַזוי אָדער אַנדערש אויפֿן דאָזיקן ביכל, געבן זײַנע קריטישע באַמערקונגען, אָנווײַזן אויף פֿעלערן א.א.וו. פֿאַר געזונטער קריטיק דריקן מיר אויס אונדזער פֿאָרויסיקן דאַנק.

ד. ק.

# I. צפון-אמעריקאנישע פאראייניקטע שטאטן

מ. אָלגין

ב. פענצטער.

א. פלאטנער.

א. פרײַמאן.

מ. בירנבוים.

א. קורצ.

י. קעניגשטיין.

א. ווײַנשטיין.

א. פרינצ.

מוישע נאדיר.

י. קאָן.

ב. בורשטאָק.

ל. קריוויצקי.

ל. גאָרעליק.

י. א. ראַנטש.

ב. פרידמאן.

נ. ווײַסמאן.

ס. בארקאן.

ל. מילער.

פ. מעלצער.

# מ. אָלגין (מ. י. נאָוואָמיסקי)

געבאָרן אין 1878 יאָר, אין קיִעווער גוב. דער פּאָטער—א וואלד־שאפער (אָנגעשטעלטער). געענדיקט עטלעכע הויכ־שולן. אין דער קליינבירגערלעכער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג פון 1901 יאָר. עטלעכע מאָל געווען ארעסטירט. בייס דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע באזעצט זיכ אין די פאריייניקטע שטאטן. פון 1921 יאָר—א מיטגליד פון דער אמעריקאנישער קאָמוניסטישער פּארטיי. רעדאקטער פון דער קאָמוניסטישער צייַטונג „סאָרגן־פרייַהייַט". עטלעכע מאָל באזוכט דעם סאָוועטנפארבאנד. איינער פון די אקטיווסטע טוער פון דער קאָמוניסטישער באוועגונג אין אמעריקע. איינער פון די וויייניקע אין אמעריקע מארקסיסטישע קריטיקער, גלייַכצייַטיק א בארייַטגדיקער פּאָעט און פּראָזאיִקער.

# קאָמינטערן

**(פראגמענטן)**

... פייַערן ברענען אם פיטסבורגער [1] הויכן,
פייַערן מאָלן די רויכיקע זייַטן פון בערג צעקארדאשעטע—רויט.
וואנט איבער וואנט, אין א וויר־וואר פון קוימענס, רערן, ציסטערנעס און שפּאלטן,
נידערן ציגל און אייַזן און שטיינ פון דער הויך צו די שיפן באם ברעג;
שפּרייַזן בעטאָן און צעקארבטע גיגאנטישע בריקן
אריבער געשוואָלענעם, טעמפּן, מיט פייַפן צעשניטענעם הודזש.
גליטשן זיך רעלסן ארייַן אינעם בויך פון די טאָלן,
שטייען אין קוילן־טונעל, דרייַהונדערט פוס די טיפ, מיט עלעקטרישע עקבערס
אין האנט,
טאָם דער נעגער, סטעפּאן דער פּאָליאק, דזשאָן דער „יאנקי" און טאָני דער „וואָפּ" [2]
בייַסן די עקבערס די קוילן, שרייַען שטיינער, טאנצט די ערד.
לייגט זיך א שטויב אפ צעכראסטעטע הערצער,
דרייען זיך פונקען אין ראָד פאר די אויגן,
מאטערן זיך מוסקולן:
הייס.
לייגט טאָם ארופ א האנט אפ סטעפּאנס פּלייצע;
טוט דזשאָן א שמייכל מיט א ווונק:—„איך ווייס";
א פינגער אפן מויל בא טאָניס טייַנעט:
שאז!
הויך צום טאקט פון עלעקטרישע קוויטשיקע עקבערס

---

[1]) פּיטסבורג—א שטאָט אין די פאריייניקטע שטאטן. [2]) „יאנקי"—אמעריקאנער; „וואָפּ"—איטאליענער (גענומען אין פרעמד־צייכנס, ווייַל דאָס זייַנען שאָוויניסטישע אויסדריקן).

זינגט זיך דײַן נאָמען:
קאָמינטערן.

פאר אטלאנטא־טורעם גרינענ הויכע ביימער:
פאר אטלאנטא־טורעם שטייט א שטרענגער שוימער.
הינטער גראטעס זיצט דאָרט דזשעק דער קאטנ־שפינער [1]
אינ א צווייטער קאמער—ביל פונ די מארינענ.
אפ אטלאנטע־טורעם גייט אראָפּ די נאכט;
דורכ די גראטעס זיפּט זיך שטערנ־שײַנ באזאכט.
דזשעק דער קאטנ־שפּינער זיצט אינווינקל, טרויערט;
ביל פונ די מארינענ קלאפּט אינ אלטנ מויער.
ביל פונ די מארינענ רופט: „קוראזש,—מײַנ כאווער!
ס'קומענ צײַטנ הייסע, ס'ווערט אראָפּ דער זשאווער.
מירנ צינדנ רויטע פינפ־שפּיציקע שטערנ,
מירנ הייבנ פאָנענ פונעם קאָמינטערנ".

---

דאָרט, ווו עס זאמלענ זיך שקלאפנ צו ברעכנ
די שטעכיקע קייטנ, רופט מענ דײַנ נאָמענ:
קאָמינטערנ!
דאָרט, ווו קאָלאָניעס הייבנ די פאָנ פונ רעוואָלט
קעגנ פרעמדער בלוטיקער הערשאפט, רופנ דיך
ארבעטער־פויערים־מאסנ:—קאָמינטערנ!
דאָרט, ווו עס שטעלנ זיך אָפּ די מאשינענ אינ
שטרײַק צו באשיצנ ארבעטער־לעבנס,
אייניקט די ארבעטער־רייענ דײַנ קאמפ־געשריי:
קאָמינטערנ!
דאָרט, ווו עס הייבט זיך א נעגערשע פויסט
צו דערלאנגענ א קלאפ די טאליאָנים פונ
לינטשינג, צינדט זיך אינ פונקענ פונ
צאָרנ דײַנ רופ:
קאָמינטערנ!
דאָרט, ווו עס ווערנ געשטעלט באריקאדנ, אונ
ארבעטער שיסנ פונ הינטערנ ברוסטווער,
אונ ס'רופנ זיך אָפּ די סאָלדאטנ פונ
יענער זײַט גראָבנ: „מיר זײַנענ מיט אײַך
קעגנ שוטפעסנ סוינע", פארפלאנצט זיך
דײַנ מאכט, קאָמינטערנ!

---

[1] קאטנ־שפּינער—בוימוואָל־שפּינער.

דאָרט, ווו די פאָן מיטן סערפּ און דעם האמער
צעווייט זיך אפ נעכטיקע טפּיסעס, פאבריקן
און „ווײַסע" פאלאצן[1], זינגט דײַן בלוט:
קאָמינטערן!

איבער א זעקסטל פון אונדזער פלאנעטע,
שטייען די רויטע סאָוועטן
פון ארבעטער־פּויערים־קעמפער,
שטייען די רויטע ארמייען געהאמערט
פון שטאָל און מיט שטאָלענעם ווילן, שטייען די
וועכטער—די אָדלערס פון אונדזער באפרײַטן
סאָוועטישן היימלאנד, האלטן מיט
הענט פון גיגאנטן די פאָן פון אונדזער
אלוועלטלעכן שטאב—קאָמינטערן!

## דער ערשטער מײַ

שטיין דארפן באנען און פאבריקן אינעם טאָג פון ערשטן מײַ.
מארשירן דארפן ארבעט־מענטשן, ריי נאָך ריי, געשלאָסן פעסט אינעם טאָג
פון ערשטן מײַ.
רויטע פאָנען, וועלדער פאָנען, ווונדער העלע, דארפן פלאטערן איבער ארבעטער־
קאָלאָנעס אינעם טאָג פון ערשטן מײַ.
ליכטיקע לידער, שטום־געוויגטע דארפן שטײַגן פון די גרויסע באטאליאָנען
און זיך פארפלעכטן מיט די פאָנען אינעם טאָג פון ערשטן מײַ.
זון און האָפענונג, ליכט פון אויג און פלאם פון הארצן, שוווּנג פון מוט און פונק
פון צאָרן דארפן זיך צוזאמענשטראלן אינעם טאָג פון ערשטן מײַ.
דערהייבונג דארף זײַן דער ערשטער מײַ—אָנזאָג אפ צײַטן, וואָס אײַלן אהער,
מוסטער פון וועלטן, ווו מענטשהײַט איז שטענדיק פרײַ.
א פּײַל דארף זײַן דער ערשטער מײַ—א וואָרנונג געוואָרפן דעם סוינע: זאָל ער
וויסן, אז מיר זײַנען דאָ, אז מיר גייען אײַנעמען זײַנע באסטיאָנען.
. . א האנט—א פאקל דארף זײַן דער ערשטער מײַ; אלע פינגער פלאקערן;
פלאמען ציִען זיך פון לאנד צו לאנד,
הענט באהעפטן זיך; וואָרעמקײַט פליסט אין די אָדערן; הערצער ווערן ברייטער:
„ארבעטער־ברידער,
צוזאמען, צוזאמען"!
. . . ווײַט איז דער ערשטער מײַ אין אמעריקע, ווײַט און דאָך—נאָענט.
עס צײַטיקט זיך דער ערשטער מײַ אין אונדזער לאנד, צעבלאָזט מיט קויעך זײַנע פונקען,

[1] ווײַסע פאלאצן — פאלאצן פון רעגירער און הערשער; „ווײַסע הויז"—הייסט די רעגירונגס־הויז אין וואשינגטאָן.

אין די קוילנגריבער פון פענסילוואניא[1]) וואקסט דער ערשטער מײַ.
אין די קאטנ־פאבריקנ[3]) פון דזשאָרדזשיא[2]) וואקסט דער ערשטער מײַ.
ארום די נאפט־טורעמס פון אקלאהאָמא[3]) וואקסט דער ערשטער מײַ.
צווישנ די קוימענס פון גערי וואקסט דער ערשטער מײַ.
בא די שנײַדער אפ יוניאָנ־סקווער[4]) וואקסט דער ערשטער מײַ.
בא די בערדפאָרדער זאמלט זיך זונ אונ גלי אונ שטורם־קראפט פאר אונדזער
מאָרגנדיקנ ערשטנ מײַ,
פונ קאליפאָרניע[5]) ביז ניו־יאָרק[6]) פונ פלאָרידאָ[7]) ביז מישיגאָנ אונ מיניסאָטא[8])
לעבט אנ ארבעט־פאָלק:
גרויס אינ צאָל, אומגעהויער אינ מעגלעכקײַטנ, גרייט צו קעמפנ פאר זײַנע רעכט,
פול מיט מוט אונ אייגנארטיקנ שטאָלצ.
א ציטער גייט שוינ דורכ די גלידער פונ דעם נאָכ ניטאופגעברויזטנ ריז.
ניט דערגאנגענ איז נאָכ צו אים דער ערשטער מײַ. אָבער ער גייט מיט וויכער־
שפאנענ. ער איז ניט ווײַט, מיר פילנ שוינ זײַנ אָטעם.
מיר וועלנ פײַערנ דעם ערשטנ מײַ.

# דער העלד

זײַנ געשטאלט הייבט זיך ניט אינ העלנ פונ הארמאָניע אינ פרישקײַט.
אײַנגעבויגנ איז אונדזער העלד, צעקרימט איז זײַנ גוף, שווארצ אונ קארביק
זײַנע הענט, פול מיט פריִע קנייטשנ — זײַנ פּאָנעם.
עס ברענט אמאָל א בליציק־פײַערל אינ זײַנע אויגנ. אָבער טאָג נאָכ טאָג
זײַנענ עס מידע אויגנ, אָנגעלאָדענע מיט זאָרגנ, בלײַערדיקע, אונ
געקוועטשט אינ לאסט.
ניט געפוצט איז אונדזער העלד. ניט צו אים קלעפּנ סאמעטענע
גאָלד־געוועבטע קליידער. ניט צו זײַנע פיס שפרייטנ זיך טיכער
מיט פראכט־אוזאָרנ.
אונדזער העלד איז בעקליידט אינ א קרוע־בלוע־רעקל איבער
א קויטיקנ העמד.
זײַנע שווייסיקע פיס שטעקנ אינ אומגעלומפערטע שטיוול, זײַנע הענט
זײַנענ ווינטער בלאָ פונ קעלט, אונ די צעשויבערטע האָר קריכנ
ניט ארײַנ אינ דער צעפלעשטשעטער גראָשנדיקער קעפקע.
... געדענקט איר די ערשטע שטרײַקנ?
ערגעצ אינ זשענעווע, אינ לאָנדאָנ זײַנענ געזעסנ מענטשנ, וואָס

---

[1]) פענסילוואניע — א שטאָט אינ די פאריייניקטע שטאטנ. [2]) קאטנ־פאבריקנ — בוימוואָל־פאבריקנ. [3]) דזשאָרדזשיא — א שטאָט אינ דאָרעם־טייל פונ פאריייניקטע שטאטנ. [4]) אקלאהאָמא — א שטאָט (צ. א. פ. ש.). [5]) יוניאָנ־סקווער — א פלאצ אינ ניו־יאָרק, ווו ס'קומענ פאָר ארבעטער־דעמאָנסטראציעס, דאָרט געפינט זיך אויכ די רעדאקציע פונ „מאָרגנ־פרײַהײַט". [6]) קאליפאָרניע — האלב־אינדזל אינ צ.א.פ.ש. אפ דאָרעם־מײַרעוו. [7]) פלאָרידא — האלב־אינדזל דאָרטנ אפ דאָרעם־מיזרעכ. מישיגאנ — אנ אָזערע אונ צאָבנ; [8]) מיניסאָטאָ — א שטאט אינ צענטראל־טייל פונ צ.א.פ.ש.

האָבן געשריבן וועגן דעם וווקס פון קאפּיטאליזם אין רוסלאנד [1]
און די אויסזיכטן אפ קלאסן־קאָנפליקטן,
ערגעץ אין אונטערערדישע קאָמיטעטן זײַנען געזעסן די, וואָס האָבן
געשריבן פּראָקלאמאציעס און גערופן צום קאמף.
ארויס אין קאמף איז ער—אונדזער העלד.
דאָס האָבן אים געשניטן מיט נאהײַקעס די קאָזאקן; דאָס האָבן אים
געבראָכן די ביינער אין אוטשאסטאָק [2]) די גאָרדאָוואָיעס. דאָס האָט ער זיך
געוואלגערט אין „נאָטשלעזשקעס", ווען מע האָט אים ארויסגעוואָרפן פון
זאוואָד „פאר כוצפע". דאָס האָט ער געוווינט אין כוצפע און ווידער
און אָבער ארויסגעפירט דעם מײַסטער אפ א טאטשקע.

געדענקט איר פּעווראל?
אין העלע זאלן האָבן „וועלט־פּאָליטיקער" געדונערט וועגן דעם גורל
פון לאנד און די פאָדערונגען פון „גרויסן רוסישן פאָלק" [3])
ערגעץ האָט מען זיך געאמפּערט וועגן פּראָגראמען, ערגעץ האָט מען
אוועקגעשטעלט די רעוואָליוציאָנערע וועלט־אָנשויונג אנטקעגן דער פּשאָרע־מאכערײַ
און פּאראט. ערגעץ האָבן ווערטער־שפּיזן, ראדיאָ־קרעפטן זיך געיאָגט אין רוים.
און ער—אונדזער העלד, האָט ווייניק גערעדט, נאָר געטאָן.
אים, אונדזער העלד, אין א סאָלדאטסקן שינעל, האָט מען ארויסגעפירט אין גאס
און באפוילן שיסן אפ די מאסן.
ער האָט אויסגעקערעוועט די ביקס און געשאָסן אפ די באפעלער.
ער האָט ניט געצווייפלט, ער האָט געטאָן, וואָס מע האָט געדארפט און האָט
מיט איין רוק אויסגעקערעוועט די ראָד פון דער געשיכטע.

---

און יענער רויטער אָוונט בא דער נעווא:—שווארץ, ווײַס און רויט, זאווערוכע,
מאָטאָר־הודיען און שאָסן
אין ווינטער־פּאלאץ שטייען גווירישע קינדער, יונקערס—צו פארטיידיקן זייערס.
ס'איז נאכט. ס'איז קאלט. ס'איז פול מיט גרויל,
אָבער עס שלאָפט ניט אונדזער העלד.
פון אלע זײַטן ציט ער זיך צום פּאלעץ. דורך אלע גאסן גיסט ער זיך
צום נעווא־ברעג.
אָט איז ער דאָ. אָט באהאלט ער זיך הינטער א וואנט. אָט לויפט ער אײַליק
איבערן אָפענעם פּלאץ. אָט ווארפט ער זיך אפ די יונקערס באריקאדן.
עס טריפט זײַן בלוט. עס פאלן כאוויירים מיטן פּנים צום קאלטן שניי.
ער שיסט. ער ראנגלט זיך. ער לויפט איבער די טרעפּ. ער זוכט. ער עפנט די
געהיימניספולע טיר.

---

[1]) דער אווטער האָט דאָ אין זינען לענינס און זײַנע ווערק „אנטוויקלונג פון קאפּיטאליזם אין רוסלאנד". [2]) אוטשאסטאָק — א פּאָליציי־אָפּטיילונג אין צארישן רוסלאנד. [3]) די בורזשואזיע האָט קלומעשט אין נאָמען פון פאָלק גערופן פירן ווײַטער די מילכאָמע.

אין בלאסן פאכעד זיצן די מיניסטאָרן פון די עקספּלואטאטערס.
ער בינדט זיי די הענט. ער פירט זיי אין פעסטונג.
כאוויירים! מיר זיגן!
כאוויירים! דער ארבעטער־קלאס ווארפט אראָפּ זײַנע קייטן!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

טעג פול מיט שטרײַט, נעכט פול מיט אומרו, יאָרן פול מיט הונגער, שטעט אויסגעליידיקטע, אָפּגעשיילטע, אומפארשעמט־נאקעטע, פעלדער אויסגעטריקנטע, אײַנגעשרומפּענע, פארוייטע מיט ביינער פון הונגער־טויטע;
היץ פון פיבער־טעג, נעכט פון שרעק־פּאראליז;
סאָנים, סאָנים, סאָנים קריכן איבער דער לענג און ברייט און טיף פון דעם בלוטיק־דערוואָרבענעם לאנד.
אין יענע טעג, האָט ער, אונדזער העלד, געהאלטן וואך.
אין יענע טעג האָט ער, דער נאָמענלאָזער, פארשריבן זײַן נאָמען מיט פײַער און אײַזן אפן פּאָנעם פון זײַן לאנד.
דאָס האָט ער צעבראָכן קאָלטשאקס רוקן־ביין;
דאָס האָט ער אראָפּגעשטויסן וראנגעלן אין שווארצן יאם;
דאָס האָט ער צוריקגעשלײַדערט יודעניטשן פון פאר די טויערן פון לענינגראד;
דאָס האָט ער שיר ניט ארײַנגעטראָגן דעם סערפּ און האמער אין ווארשע;
דאָס האָט ער געשמידט געווער מיט א ליידיקן מאָגן און שלאבעריקע [1]) הענט אין א פוסטן זאוואָד, צווישן שפּינוועבס און שטויב.
דאָס האָט ער אופגעריסן דעניקינס געפאנצערטע צוגן און אליין שיר ניט צעריסן געוואָרן אפּ שטיקלעך אין אופרײַס.
אין דאָנער געגנט זײַנען די קוילן־גרובן געווען פארפלייצט.
אונדזער העלד איז געקומען קיין דאָן גראָבן קוילן פאר זײַן לאנד.
אפּ צעוו־יקטע און צעבראָכענע לייטערס האָט ער זיך אראָפּגעלאָזן אונטער דער ערד.
ביזן האלדז אין אײַזיקער וואסער האָט ער געטאפּט זײַן וועג אין די שווארצע שאכטן. מיט שטומפּיק געצײַג און הונגער־שוואכע הענט האָט ער אופגעשטעלט די ערשטע פּאָדפּאָרעס.
מיט ציינ־פארקוועטשטער אקשאָנעס, מיט ריטשקעס שווייס איבערן דארן גוף, וואָס איז געווען באדעקט מיט בײַסיקן קוילן־שטויב, האָט ער געפּאָמפּעט, געפּאָמפּעט, געפּאָמפּעט געריסן, געצויגן פון דער ערדס בויך
ליכט און קראפט אוןווארעמקייט פאר זײַן רויטן לאנד, פאר אירע אײַזנבאנען און שולן, פאבריקן און ביבליאָטעקן.
נאָענט און ווײַט, אין סיביר, אין קארעליע, ארכאנגעלסק און טורקעסטאן, אין רויש פון פאבריקן און אין קלאפּ פון אעראָפּלאנען, אין ליכט פון דער עלעקטרעסטאנציע, שײַן פון דער רויטער פאָן—אומעטום איז זײַן האנט,

---

[1]) שלאבעריקע — שוואכע.

אומעטום האָט ער זיכ אופגעשטעלט א מאָנומענט [1]) פונ שטילער ארבעט אונ אומפערזענלעכנ קאמפ.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

דעמ מאסנ־העלד—אונדזער הארציק ליד.

זינגט דאָס געזאנג פונ די דענקער, וואָס האָבנ מיט דעמ שווערד פונ געדאנק
פאנאנדערגעשניטנ דעמ פאָרהאנג פונ דער צוקונפט אונ פאָרויסגעזענ דעמ
אומפארמײַדלעכנ וועג פונ געשיכטע.

זינגט דעמ געזאנג פונ די פירער, וואָס האָבנ אײַנגעטונקט א פאקל אינ פלאמ
פונ זייער מויעכ אונ אָנגעוויזנ א וועג די מאסנ דורכ דעמ טייהו־וואָוויהו [2]) פונ הײַנט
צו א ברייטנ גײַסט־באהעלטנ מאָרגנ.

זינגט דאָס געזאנג פונ די אָרגאניזאטערס, וואָס האָבנ מיט דעמ זאפט פונ
זייערע הערצער
אונ שטאָל פונ זייערע ווילנס צוזאמענגעשמאָלצנ די מענטשנ־אטאָמענ, צוזאמענגעקייטלט
די אָפּגעזונדערטע גלידער אונ געמאכט פונ מיליאָנענ איינ גרויסנ אייביקנ מאָנאָליט [3])

זינגט דאָס געזאנג פונ די בויער, וואָס פלאנעווענ, וועגנ, מעסטנ, רעכענענ אויס,
פאסנ זיכ צו, געפינענ א גלײַכגעוויכט, טרעטנ אָפּ, גרײַפנ ווײַטער אָנ—
אונ גייענ שטענדיק
פאָרויס, צו א נײַעמ „אונדזערס".

זינגט דעמ געזאנג פונ די גאונים [4])', אָבער פריִער פונ אלצדינג שיקט
אײַער ברודער־גרוס צומ גרויסנ, אומשטערבלעכנ, אומבאצווינגלעכנ, אומענדלעכנ,
ריזיק־שטארקנ אונ ריזיק־געדולדיקנ בויער אונ טוער—דער קעמפנדיקער מאסע
דעמ מאסנ־העלד—אונדזער גרוס!

[1]) מאָנומענט — דענקמאָל. [2]) טויהו־וואָוויהו — כאָאָס, קאפּיטאליסטישע אנארכיע. [3]) מאָנאָליט — איינ באנבעס; אריסגעגאָסנ פונ איינ שטיק. [4]) גאונים — געניעס, געניאלע מענטשנ.

## ב. פענסטער

# צען יאָר

ערשטע טריט געווען זײַנען שווערלעכ,
שטענדיק גרייט זײַנ ניט געווען איז גרינג
און ניט לײַכט געווען איז היטנ דיסציפּלינ—
אז אָפט איז יעדער טריט געפערלעכ,
שפאנען דארפ מענ מוטיק, שטאָלצ און פלינק
און איכ האָב לידער בלויז געהאט אינ זינ...

צענ מײַנע רויטע, פלאמענדיקע פאָנען,
איכ שטיי איצט אונטער אײַכ אינ קאָמ־סאלוט.
ווי א רויטארמייִשער סאָלדאט—
איר וועט מיר שטענדיק שוינ דערמאָנען,
אז מײַנ קלאס געהערט מײַנ יעדנ טראָפּנ בלוט,
אז מײַנ פארטיי געהערט מײַנ יעדע טאט.

— — — — — — — — — —

צענ יאָר אינ ליכט פונ קאָמינטערנ,
אינ שוצ־וואכ פונ סאָוועטנ־לאנד,
אינ אמעריקאנער קאָמפּארטיי.
ווי גוט איז זיכ אצינד באשווערנ
מיט הארטער פויסט פונ רעכטער האנט
און זינגענ קאָמ־סאלוט און יובילײ.

# אײַזיק פּלאַטנער

געבאָרן אין 1896 יאָר אין סאָקאָלאָוו (פּאָלעסיע), ביז 1921 יאָר א קולטור־טוער אין פּוילן און ליטע. נאָכדעם אַפּגעפאָרן קיין אמעריקע. באַקומען העכערע בילדונג. ביז 1922 יאָר געווען אקטיוו אין דער ייִדישער קלײנבירגערלעכער ארבעטער-באַוועגונג. פון 1921 אַן אקטיווער מיטארבעטער אין דער קאָם.פּרעסע. לערער אין די קאָם. שולן.

## ארבעט

די אַרבעט איז פאר מיר א ליד.
יעדער קרעכץ פון ראָד—א טאָן.
די ארבעט־קראפט—פון ליד דער ווינ.
איך קלײַב באגײַסטערטע טענער אָן
און זינג זיי אויס אַפּ דער מאשינ...

## באגינען

באגינען, מײַנ קראפט איז אויסגערוט,
בלייכע הימלען וועקן שטיל און צארט די וועלט;
גיי איך מיט מײַנ ארבעט־קראפט אינ האנט.
אין שטילע גאסן שלאָגן הילכיק מײַנע טריט.
ס'האָט מײַנ קראפט זיך אויסגערוט,
מיט זאפט פון ברויט געקרעפטיקט איז מײַנ בלוט;
און די מוסקלען אָנגעשטרענגט מיט מוט.
עס רופט די ארבעט מיך פון ווײַט,
איך פיל עס אינ מײַנ יעדן גליד;
און פעסטער הילכן מײַנע טריט—
עס וועט ניט ליידיק שטיינ דער טאָג,
ס'וועט ניט פוסטעווען די לופט:
איך שפאנ אײַך אלע אײַנ אינ יאָך,
כ'נעם די ווײַטן מיר צו הילף;
באפעל די טײַכן:—טאָן וואָס מיר געפעלט...
אינ לופטן וועט זיך טראָגן האמער־קלאפ,
ווינטן־ראש, וואסער־רויש —
טראָגן זיך אינ אלע עקן וועלט.
ביזן אָוונט וועלן רוישן די מאשינען,
ס'וועט די נאכט אן אנדערע די וועלט געפינען..

# איך ליב די ארבעט

— — — — — — — — —

איך ליב די ארבעט אָן א שיר.
ס'איז א פרייד בא מיר:
כ'בין שטענדיק מונטער.
אז איך ארבעט איז מײַן גײַסט געזינטער.
ווערן זיך געראנקען,
וועקן זיך פארלאנגען,
מישט זיך אויס מאשינען־רויש מיט הארציקע געזאנגען.
א וואָרף דעם קאָפּ,
א וואָרף די הענט,
די פאטליע האָר —
די ארבעט ברענט...
סאָפּעט ברוסט
און אָטעמט פרײַ,
קלאפט דאָס הארץ
אין קלאפעריי
פון האמערס און מאשינען...

— — — — — — — — —

איך ארבעט!
מענטשן זעט מען ניט,
קיין מענטש נאָך ניטאָ.
אין די קאיוטעס פוצן זיי זיך אויס,
וועלן אף די דעקן באלד ארויס;
מידע נאָכן שווערן וועג,
צו גריסן פײַערלעך דעם טאָג
און די אופגייענדיקע זון...

# ליידיקע הענט.

ווען א מענטש לייגט אוועק זײַנע הענט אף די קני,
גיט אים באם הארצן א פארקלעם;
צוויי ריזיקע הענט געוווינטע צו מי.
ליגן זיי ליידיקע גאָר אף די קני...
כאפט אים א בענקשאפט ארום,
אז עס ווערן אים אײַליק די ציין;
און א צאָרנדיק, ביטער געשריי
שרײַט פון זײַן גאנצן געביין...

וואָס זאָל טאָן אַזאַ מענטש מיט די איבעריקע הענט,
וואָס הענגען אים נאָך, ווי די בײַטשן,
זאָל ער אומגיין און טרײַבן דעם ווינט,
צי זאָל ער זיך גאָר ווי אַ קינד
פאַרשטעלן די אויגן
און וויינען?

אַף אַרבעטער־הענט
זײַנען אָדערן־סטרונעס געצויגן
אַף לײדיקע הענט שפּילט דער ווינט
ווי אַ בויגן
אַף אַלטן, צעבראָכענעם פידל.

וואָס זאָל טאָן אַזאַ מענטש מיט צוויי לײדיקע
וואָס דאַרפן באַהעפט זײַן מיט לאָם און מיט רידל;
און אין בויך פון דער ערד
ליגן אוצרעס מיט גאָלד;
און אין וועלדער־געווילד
זײַנען ביימער פאַראַן פאַר טויזנטער הענט;
און שטרעקעס מיט פעלד
פאַר ברויט און פאַר ווײַן,
פאַר לײַן צו פאַרזייען, מילי־מיליאָנען אַרשינען
לײַוונט צו שפּינען?
און עס בעט זיך דאָס גוטס פון דער ערד.
עס בענקט נאָך די הענט,
וואָס ליגן אַף נאַקעטע טישן פאַרשעמט;
וואָס זאָל טאָן אַזאַ מענטש מיט צוויי איבעריקע הענט,
וואָס הענגען אים נאָך—אַ באַלאַסט?!

— — — — — — — — — — —

הענט טראָגן האַס,
אין הענט איז דאָ פײַער.
הענט קענען הײַזער פאַרברענען,
בריקן צענעמען,
פון פּויסטן קען ווערן אַ וואַלד
פון פאַרהייבענע דעמבענע שטאַמען.
הענט קאָנען גיין מיט גוואַלד,
קאָנען צעברעכן צאַמען.
אַז עס גיט זיך אַ פּויסטישער וואַלד

א פארהייב צו דעם הימל,
דערלאנגט זיך די לופט אזש א טרייסל:
אז הענט צעוויכערן א שטורעם
קאָן די וועלט אומקומען...

## מײַן ברודערס קאָפּ

שווער באַלאָדענע אקסל, הארטע געלענקן,
אויסגעפּרוּווטע הענט, און פעסטע גלידער.
א ברייטע ברוסט פאר האס און פרייד, פאר ליבע און פאר בענקען,
די אויסגעשמידטע ביוסט—דער קאָפּ פון מײַן ברודער.

אָדערן געצויגן איבער שלייפ און שטערן;
אן אָדלער־נאָז און קנאָכנדיקע באקן.
אן אײַנגעקארבטע הויט פון ארבעט און פון קלערן,
א ברוינער, שטײַפער האלדז און נאקן.

דײַן קאָפּ האָט נאָך קיינער ניט באזונגען,
דײַן קאָפּ שטייט ניט אין מוזייען—
קעפּ פון ברידער, יונגע יונגען,
פארבלוטיקטע און צעוואלגערטע אין טראנשײַען.

דײַן קאָפּ איז אויסגעשטעלט פאר יעדן ווינט,
דײַן קאָפּ—א ציל פאר יעדן קויל;
אויגן ערלעכע, ווי אויגן פון א קינד,
און פראָסטע רייד אין עמעסדיקן מויל.

ברידער־הענט און ברידערלעכע אָרעמס,
ברידער־קעפּ, ווי רויטער גליִענדיקער מאָן...
דײַן קאָפּ אָפּ העכסטע שפּיצן טורעמס
פלאטערט, ווי א לעבעדיקע פאָן...

## מאטראָסן.

היי, פלינקע, געזונטע, און פרײַע ווי כוואליעס,
היי, ברידער, היי, יונגען, געשיקטע מאטראָסן—
ארויף ציט די פאָנען, ארויף הייבט דעם אנקער,
מיר וועלן באגינען די זעגלען צעלאָזן.

צעלאָפן, צעטראָגן, אפּ שטריק און אפּ לייטער,
אפּ שפּיץ פונעם מאסטבוים, אין הייסן פאָרוואטער

פאָנעם, אינ פאָנענ צעפאלדעט, צעכוואליעט,
פלאטערנ ווינטיק אינ לופטיקנ פלאטער.

מיר קוקנ ארײַנ אינ די לענדער,
אונ לאָזנ זיכ ווידער אפ יאמענ,
פארברידערט, פארבונדנ מיט בענדער,
מאטראָס מיטנ יאם—א זונ מיט א מאמענ.

מיר לערנענ זיכ פרײַ זײַנ אפ יאמענ,
אונ קומענ די לענדער דערמאָנענ—
היי, ברידער אפ ברעגעס, צוזאמענ,
ארופ ציט די רויטע, די פאָנענ...

# סקווערנ

## טיימס-סקווער [1]

בראָדוויי [2]
הארצ פונ שטאָט,
פונ לאנד,
פונ וועלט,
אויגנ אלעמענס צו דיר געווענדט.
הערצער פונ דער גאנצער מעטראָפּאָליע [3]
שלאָגנ.
ס'שטרעקנ זיכ צו דיר די הענט
פונ גאנצנ לאנד,
ס'פּאלנ קעפּ צו דײַנע פיס.
דורכ אלע זיבנ יאמענ,
דורכ לופט אונ שטורעמ.
דורכ אלע וועגנ,
בערג, טונעלנ,
באנענ יאָגנ,
שיפנ טראָגנ,
מענטשנ־לאסט צו דײַנע שוועלנ
אויסצולאָדנ.
בראָדוויי—
דײַנ טיר איז פונ גאָלד,

[1]) טיימס־סקווער — א סקווער אינ "צענטראל־טייל" פונ ניו־יאָרק. [2]) בראָדוויי — צענטראלע גאס פונ ניו־יאָרק. [3]) מעטראָפּאָליע — דאָס לאנד, וואָס הערשט איבער אירע קאָלאָניעס.

פונ זילבער די שלעסער:
דײַנ וואָרט—איז א מאָרד,
דײַנע אויגנ—א מעסער.
האָסט קישעפדיקע פינגער,
בראָדוויי—
באצווינגער;
עס לאכט בראָדוויי
באנאכט.
עס שטעלט אינ ווײַ
בראָדוויי.
הערנ אינ צילינדערס,
טויזנט־פארבנדיקע בענדער.
וונדער.
דעקאָלטירטע דאמענ,
בעטלער בלינדע,
ליפּנ, פּאָמאדעס,
שפּיל, טאנצ,
סערענאדעס[1],
מיליאָניקער גלאנצ.
רעדער דרייענ זיכ אונ סקריפּענ,
שיקורים וואקלענ זיכ,
בויסעסדיקע כריפּנ.
— — — — — — — — —
... בּרידער מײַנע
שוועלנ אופ פונ הונגער,
גייענ אומ מיט אומרו אינ די פינגער,
מיט הענט מיט איבעריקע ווי בײַטשנ.
שפּאנענ,
הונגעריקע קאראוואנענ,
ביז וואנענ?
ענטפערט מיר דער סקווער מיט א געלעכטער
מיט א גאָס פונ רעגנ.
קוקט מיכ אָנ מיט ברענענדיקע אויגנ
אונ מיט וועכטער
אומגעשטעלט ארום פארמעגנ...
הייבט זיכ אָנ אינ הארצ אזא געוודער,
אָנ אופבּרויז אינ די בלוטנ.
— מײַנע ברידער יאָגנ

[1] סערענאדעס — ליבע־לידער.

איבער רוקן פון דער שטאָט
פייַערדיקע רייַטער,
טראָגן פאָנען,
מאָנען...
פונקען דרייען זיך פאר מייַנע אויגן,
סקווער גיט זיך א דריי,
מיט קאָפּ אראָפּ פארבויגן:
ס'פאלט אין פאָנעם סיר א קרומער פייַערדיקער רעגן:
מייַנע ברידער קומען אָן
אפ פייַערדיקע וועגן...

## יוניאָן־סקווער.

— כאווער,
וואָס ברענגסטו פאר א גרוסן?
— פרעג ניט בעסער,
ניט פארביטער!
ס'וואקסן יונגען אויס ווי שניטער,
הענט בא זיי ווי מעסער...

... עס שמעקט מיט אופשטאנד דאָ,
און טאָמיד שמעקט מיט פרילינג.
ס'איז סקווער מיט רויט
שוין א צווילינג.

עס קלאפט א נייַ הארץ פון שטאָט
אין רויטן סקווער.
ס'איז איין באגער —
דורך הייַזער־קעפּ,
דורך לופט און דראָט —
צעטראָגן איבער אלע טיילן פון דער שטאָט.

אנטקעגן סקווער,
גאס אריבער,
לויפט בראָדוויי
צו וואָל־סטריט־גריבער
אונטער דר'ערד:
צום אויצער גאָלד,
שטייט דער רויטער סקווער אינמיטן,
ווי א ביין אין האלדז
און האקט בראָדוויי דעם אָטעם איבער...

## קיילים

וואזעס פון האָלאנד, פון פּערסיע, פון כינע.
יאפּאָנישע קרוגן, געשליפענע סערוויזן, קאראפינען דינע,
פראָסטע בלומען־טעפּ, ליים און עמאלן.
טעלער, טעלער, אזויפיל געפעסן!—
וועל איך עפענען די פענצטער—
זאָל מען קומען, זאָל מען עסן...
אלץ איז צוגעגרייט
עס פעלן בלויז די קיילים,
די מיילער זיינען אָנגעברייט
מע זאָל נאָר ניט פארטיילן...
ארום די ווענט פון „קופּער־יוניאָן״ [1],
פון די אויסגעהוילטע נישעס [2]
אויגן בעטן, אויגן מאָנען—
ארבעט,
עסן...
אזויפיל געפעסן—
וועל איך עפענען די פענצטער—
זאָל מען קומען, זאָל מען—...
ס׳הענגט דער הונגער איבער קעפּ,
ס׳ציט דער טויט אראָפּ
די הענט...
ארום די ווענט
פון „קופּער־יוניאָן״
אויגן בעטן, אויגן מאָנען,
קליאנען...

— — — — — — — — —

אזויפיל געפעסן—
וועל איך עפענען די פענצטער,
זאָל מען קומען, זאָל מען עסן...

## פארנאכט

... טאָג גייט ארײַן מיט דער נאכט אין א שפּיל:
נאכט—קרוינט פּאלאצן מיט ליכטיקע קרוינען,
טאָג—אפּ די גאסן פארדרייט א קאדריל,
א קאמפּ אין א שפּיל:

---

[1]) קופּער־יוניאָן — א טעכנישער לערן־אנשטאלט, לעבן וועלכן מע גיט ארויס שטיצע די ארבעטלאָזע. [2]) נישע — א פארטיפונג אין דער וואנט אפּ צו האלטן עפּעס.

קארנ [1]) דרייענ זיך אינ ראָד מיט בלויענ בליץ.
אפ יעדנ טורעם צינדט זיך אָנ א שפיץ;
פײַער־רויט אונ פײַער־ווײַס.
ס'דרייט זיך אלצ ארום אינ קישעפ־קרײַז,
קאר אינ קאר, גאס אינ גאס,
איינס אינ אנדערנ ארײַנ,
אײַנגעפלאָנטערט,
אײַנ...

— — — — — — — — — —

א ראָגעלע לעוואָנע שווימט ארויס—
א הערב.
קלעפ אינ ווײַטנ שמידנ אויס—
א האמער צו דעם סערפ.
הימל—
מיט ליכטיקע טורעמס פארבויט,
באם ראנד איז דער לעצטער סאכאקל געצויגנ—
רויט...

# זונ-פארגאנג

עס גליִענ די קעפ פונ די ביימער אינ העלישע פלאקערנ.
זונ גייט אינ יאם מיט א גאָלדענעם אקער,
צעגראָבט אונ צעווארפט די גאָלד־כוואליע שטיקער
מיט די קעפ אראָפּ אינ יאם,
טונקענ זיך די שיפנ אינעם פלאם.

צווישנ יעדנ בלאט, אונ צווײַג אונ שטאם
דער רויטער גאָלדערנער פארגאנג.
שויבנ גליִענ קעגנ אונטערגאנג,
שטויבנ פלאטערנ אינ ציטער.

זונ, מיט א פלאמיקער קאָסע אינ האנט—ווי א שניטער,
שנײַדט מינוטנ לעצטע פונעם טאָג...
א וואָלקנ מאכט אזא מינ איבערפאל
אפ יעדנ הענגענדיקנ שטראל;
פארטונקלט אונ צעברעכט;
אונ ס'שטעקט די זונ ארויס צעגליטע שווערדנ צום געפעכט...

---

[1]) קארנ — סראמווײַענ.

## פארטאָג

א גאנצע נאכט האָט געגאָסן א רעגן,
א נאכט, ווי א שיף אפ א שטורמישן יאם;
א ווינט האָט געבלאָזן.
איז באגינען צוגעשווומען צו א האפן,
האָט געלאָדעט בא די ברעגן,
ציכטיקער באגינען, לויטערער באגינען;
הימל צינדט זיך אָן,
אפ א דאך—א פאָן—
פאָרויס—א פאָן.

## אין יעדן טאָג גייט אוף א העלער וווּנדער

דו כאפסט זיך אוף—און זון ארום די פענצטער;
אפ די גאסן פלייצט מיט ליכט און קינדער.
היינטיקער פרימאָרגן, טראכסטו, איז דער שענסטער,
היינט גייט אוף דער טאָג אין העלן וווּנדער.

עפנסט אוף די פרישע בריוו און פרעסע—
גרוסן פון כאווירים: ס׳גיט א שלאָג מיט ליבע;
האָסט זיך נאָר פארלאָרן, האָסט פארגעסן,
אז דאָס שווערסטע איז נאָך ניט אריבער.

שלינגסט מיט אויגן גיריק יעדער שורע;
ס׳ווערט דיר ווארעם, זוניק, ווערסט צעגומען.
מיר שפאנען פעסט, מיר קומען מיט גוווּרע
און וווּ מיר זיינען ניט, מיר וועלן קומען.

ס׳איז גאָלדן הארבסט און זילבער־ליכט;
מיט קופער־שטעכ פארפוצט די גאס;
דער קאָפּ פון בלאט[1] ווי א געדיכט:
„די גאנצע מאכט דעם ארבעטער־קלאס״.

---

[1]) דער אוטער מיינט די קאָמוניסטישע צייטונג „מאָרגנ־פרייהייט״, וואָס גייט ארויס יעדן טאָג אונטער דעם געבראכטן דעוויז (לאָזונג).

# א גרוס

(צו די כאווירים אין סאָוועטן־פּארבאנד)

ערשטנס קום איך אײַך צו שרײַבן—
מיר זײַנען באַרכאַשעם געזונט, און מאכן ניט קיין לעבן,
מיר זײַנען שוין פארשולדיקט די העמדער אף די לײַבער
און דאָס איבעריקע—זאָל גאָט געבן...

צווייטנס—אז עס בײַסן אונדז די דלאָניעס,
און מע האָט ניט ווו אהינצוטאָן די הענט:
עס גייט די גרינע גאל שוין איבער פון זיסינקן „ראכמאָנעס",
כאָטש נעם און זעץ מיט פויסטן דורך די ווענט...

דריטנס—אז עס וויגט זיך אין די גאסן שוין א שטורעם,
דורך גאסן—אײַנגעדרייט אין ווירבלדיקן קראמפּ,
און כאָטש מיר זײַנען ווינציק נאָך און אָרעם,
גרייטן מיר זיך פיבערדיק צום קאמפּ.

כאווירים טײַערע! מיר זײַנען אײַך מעקאנע,
און ציילן דאָ מיט ציטער אײַער יעדן זיג!
וויפל נײַע הײַזער עס זײַנען שוין בא אײַך פאראנען,
און וויפל נײַע טיילן אין יעדער־ער פאבריק.

מיר לייענען אײַערע שריפטן און לידער,
און קריגן לעבעדיקע גרוסן אויך;
און יעדעס ליד איז פול מיט לעבעדיקן רודער,
פון אלע גרוסן אָטעמט יונגער קויעך.

... מען ווארט נאָך דאָ, אין לאנד, אף ניסים,
נאָר קיין נעס וועט שוין ניט ווערן...
איז נאָר אזוי ווי איר פארביסן—
זיך לערנען טראָגן רויטן שטערן...

---

# א. פרײַמאַן

## דערפּילטע גוווּרע

ווי עס איז געווּוינט די האַנט צום שווערן האַמער,
איז געוווינט דאָס האַרץ צו קלאַפּן שווער און שטײַף.
נאָר כ׳קאָן שוין מער אין זיך די פרייד ניט צאַמען
און כ׳מוז אַ זעץ טאָן אויך אַ ליד פון צײַט צו צײַט.

כ׳בין אָנגעזעטיקט פול מיט ווילדער קראַפט —
מיט פעסטן אימפּעט פון עלעקטרישע טורבינען
און ווי אַף אויפגעאַקערט פעלד, מיט רויער פרילינג־זאַפט,
מיט אָוונטדיק פאַרהאָרעוועטער שטילקייט.
ווערט קלאָרער, נאָגנדיק און פײַנלעך שווערער
דער בלענד פון אָוונט־שפּיל—די מאָרגנדיקע בענקשאַפט.

וואָס קאָן פראָסטער זײַן פון פראָסטן עמעס
אינמיטן העלן טאָג, ווען פינגער זײַנען פיבערדיק פאַרטאָן
מיט פײַלן און מיט שרויפן —
און אויגן אײַנגעביסן טיף, אין גלאַנץ פון בלויען שטאָל.

אלע טאָג אַזוי, ווען ס׳שלאָגט דער זייגער צוועלף,
איז יעדער פײַף אַ וואָרענונג פאַר אַלע,
איז יעדער פײַף אַ ליכטיקע דערמאָנונג.
און מיט אַלעמען, אין העמדלעך בלאָע, גראָע
זינג איך אויס דאָס ליד פון אייגענער דערפּילטער גוווּרע.

## אונדזער אָוונט-ברויט

מיר לאָדן אויס אונדזערע טעג,
ווי שווערע זעק מיט טוווּע,
באַם שײַער פון דער וועלט;

און עסן אונדזער אָוונט־ברויט
אין ליידיקע וואַגאָנעס,
יעדערער פאַר זיך אַ ביסן.
— — — — — — —

פאַר אונדזער אָוונט־ברויט איז דאָ אַ וואָג אַזאַ —
ס'איז אונדזער נויט, געוויגן און געמאָסטן,
באַם שײַער שטייט אַן אַלטער קאַמצן
און שאַרט פון זײַנע דאַרע הענט אַראָפּ,
ווי בייזע פליגן פון אַ בײַסנדיקן אָרט,
פאַר אַ טראָפּן שווייס אַ גראָשן,
פאַר אַ טראָפּן בלוט אַ צווייטן.

# קוילן־גרעבער אין שטרײַק

אַ לייב אַ טויזנטקעפּיקער האָט זיך צעברומט איבער די ווייכע קוילן־פעלדער.

אַ ווינט אַ הונגעריקער ווייט אַרום פאַרהאַקטע גריבער;
און ביידע טראָגן זיך מיט שטורעם אופמאָנען די רויב,
און ביידע פאַלן זיי אין שלאַכט,—העלדיש גרייט.

ס'קאָרטשעט זיך דאָס גאַנצע לאַנד אין הונגער־קראַמפּן,
און דרייט זיך, ווי אַן אָפּגעבריטער הונט אין אַ פאַרקישעפט קרײַז.
נאָר דאָרט האָבן זיך שוין די ערשטע פײַערן צעברענט
און טראָגן זיך, ווי אַ פּלוצלומדיקע וואַלד־סרייפע אינמיטן נאַכט
פון בוים צו בוים —
פון שטאָט צו שטאָט,
און וועקן צום אופשטאַנד.
אָט האָט דערקײַקלט זיך אַהער אַ ברויזנדיקע מענטשן־לאַווע;
און פונדערהייך, פון אַ הילצערנעם געשטעל,
פלאַנטערן, ווי דראָענדיקע פאָנען,
די מאָנענדיקע רייד
פון דעם מײַנערס [1]) אויסגעדאַרטע קינדער:
„ווי לעבעדיקע קוואָרים ליגן דאָרט צעוואָרפענע די קוילן־גרובן,
און אונדז האָט מען פאַר מוילוורפן געהאַלטן, וואָס גראָבן מיטן נאָז די ערד
און בענקען קיינמאָל ניט נאָך זון.

[1]) מײַנער—שאַכטיאָרג.

נאָר האָבן מיר די שײַן פון טאָג —
איינמאָל שוין דערזען,
נאָר האָבן מיר דעם שאַרפן רייעך פון דרייסטן קאַמף —
איינמאָל שוין דערשמעקט?
קאָן נאָר דער טויט אונדז אומקערן צוריק אין טונקלע קוואָרים".

דעם מײַנערס יונגסטע טאָכטער רעדט —
און ס'דאַכט זיך אויס,
דער גאַנצער ערדקײַלעך ווערט באַלד זיך אָפּרײַסן פון אָרט:
„וויפל זײַנען טויט?
מיר ציילן ניט!
מיר ציילן די, וואָס לעבן".

---

# מארטין בירנבוים

עטלעכע און צוואנציק יאָר. אַן ארבעטער אַף אַ רויכוואַרג־פאבריק, אַן אקטי־
ווער מיטארבעטער פון „מאָרגן־פרייַהייַט", „האמער" און אנד. קאָמוניסטישע
אויסגאבן. מיטגליד פון „פראָלעטפּען".

## דעצעמבער [1]

ס'בייַטשט שוין מיט אימפּעט דעצעמבער;
אטלאנטישע כוואַליעס צום שטורעם,
מיט הארבסטיקע בלעטער, ווי פּליטער,
בארעגנט ער שטאָטישע טורעמס.

שטעט זייַנען פּייַכט און פארדראָסשעט
און גראָ הייַנט—דער צינענער הימל.
די כמארעס ארום די קופּאָלן —
ווי טונקעלע פלאכטעס פון שימל.

דאכלאָזע וויקלען נאָך ענגער
אין טראנטעס—פארפרוירענע גלידער;
טיפער עס שנייַדן זיך קארבן
אַף פינצטערע שטערנס פון ברידער.

בלאָנדזשען פארביטערט אַף גאסן
וויסטע צעהונגערטע טאטעס:
וווּ נעמט מען אַ ווארעמען ביסן?
וווּ נעמט מען אַ ווארעמע שמאטע?

ווינט אין מעשוגענעם אימפּעט
פּאָכעט מיט אייַזיקן פעכער,
שרייַט ווי אַ פינצטערע בסורע
איבער צעלכערטע דעכער.

ווינטער וועט באלד ארום האלדז פונעם וואלד
פארשטייַפן די פּראָסטיקע פינגער;
איז ווער וועט אונדז שיכן און קליידן,
איר „ליכטיקע" „געטלעכע" זינגער?!

---

1) דעצעמבער — דעקאבער.

איז ווער, איר רעצעפּטן־פאַרשרײַבער,
וועט העלפן דער נויט פון מיליאָנען,
וואָס זוכן בא פוסטע פאבריקן
אפּ הענט האָרעפּאשנע באלאָנים?

עס וועלן מיט גאָט זיך גאלאָכים בּאראטן.
עס וועלן אונדז טרייסטן נעוויִים און זינגער;
ס'וועט ראשן מיט פּראזן אין הײַזל אין ווײַסן [1]
ס'וועט קיינער ניט רירן קיין פינגער!

נאָר מיר מיט שטאָלענע ארבעטער־ווילנס,
מיר — פּראָלעטארישע רויטע פאטרולן,
וועלן אין אופּברויז, ווי פאקלען צעפלאמטע,
דונערן שטורעם־פּאראָלן.

פּיקעטס [2] פון ביקסן און טורעם פון טפּיסעס
וועלן זיך ווארגן מיט אונדזערע יאָרן,
נאָר מיר וועלן ברעכן דעם נאקן פון סוינע,
צעבלאָזנדיק פײַער און צאָרן.

## „PLAZA“ [3]

שפּאנט איבער שטאָט זיך א שטאָל־בלאָער הימל,
הענגט א זון אין די רוימען און ברענט.
שטרעקן זיך צווײַגן פון פלאמען ארויף־צו
ווי בענטשנדיקע, גאלעכשע הענט.

שטייט, ווי א גרינע צעיאטערטע מאקע,
דער סקווער אין שטאָטישער מיט;
שלעפּן צו שטיינערנע בענק זיך
מידע, פארצווייפלטע טריט.

דער סקווער — א צירקל פון רוי־פלייש,
פון פענעמער הונגער־פארגעלטע,
פון שווארצע צעעפנטע וווּנדן,
פון אויגן מיט בעלמעס פארשטעלטע...

---

[1] „ווײַסע הויז“ — דאָס הויז, ווו עס געפינט זיך אין וואשינגטאָן די רעגירונג פון די פאריי־ניקטע שטאטן. [2] פּיקעטס — פאטרולן. [3] נאָמען פון א סקווער אין לאָס־אנזשעלאָס (קאליפאָרניע), ווו עס קומען זיך צונויף די ארבעטלאָזע און ווו עס קומען אויך פאָר קאָמוניסטישע מיטינגען און דע־מאָנסטראציעס (ט. ב.).

פארשמעלצט זיך דאָרט קרעכצ מעקסיקאנער
מיט דער פלוך פונ א שווארצנ בונטאר;
גיסט זיך צונויפ דאָרט אינ אויגנ
פונ געלע אונ ווײַסע דער צאר.

אונ זונ אינ שטאָל־בלאָע רוימענ
לאכט אראָפּ מיט פלאמיקנ שפּאָט;
איז יעדער שטראל אפ געהויקערטע רוקנס,
ווי דער שפיצ פונ א גלײַיקנ דראָט.

— — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — —

פאראנ אָבער טעג אויך פונ ווונדער,
ווענ ס'הילכט דאָרט דער אספאלט אונטער טריט,
ווענ א שטורעמ פונ ליכטיקנ גלויבנ
ברענגט אָנזאָג אפ בלוט אונ אפ צוויט.

ווערנ רויטער נאָך דאָרטנ די שטיינער,
אינ אָפּגלאנצ פונ הייסע געזאנגענ;
צעבליצט זיך אינ גלאנציקע אויגנ
פרישע, פארייניקטע פארלאנגענ.

פארבנ רויטער נאָך דאָרט זיך די שטיינער
מיט דעמ בלוט פונ יענע, וואָס מאָנענ!
פאראנ דאָרטנ טעג אויך פונ ווונדער,
ווענ ס'ברענענ דאָרט פויסטנ אונ פאָנענ!

## לינטש-פּראָצעדור

ס'האָבנ פויסטנ דורך טאָג
געפּאלמעסט זײַנ טונקעלע הויט;
אונ ער אינ א בלוט־טײַך געלעגנ —
געזשיפּעט דורך ציינער האלב טויטע.

האָבנ אויגנ מיט מאָרד־לוסט געבליצט,
מיט געלעכטער זיך „ליידיס" [1] געשטיקט,
האָבנ זיך ווײַסע „גאָטספאָרכטיקע" הערצער
מיט בלוט פונ א שווארצנ געקוויקט.

---

[1]) ליידיס—בורזשואזע פרויענ.

פארנאכט האָט מיט א שטריק אים „פארפּוצט"
דער „מאב" [1]) און געזונגענ דערבײַ
מיט פרומע, פארשלייערטע קוילעס,
דאָס ליד פון די „הייליקע" דרײַ.

... וויגט דער געהאנגענער גוף
זיך שטום מיט נאכטיקנ ווינט;
וויינט הינטער קוסטעס באהאלטנ
האלב נאקעט א נעגעריש קינד.

דערטראָגט זיך אנ עכאָ פונ ווײַט
ערגעצ העט—פונ יענער זײַט נאכט—
רײַסט אופ די וואלדיקע שטילקײַט
דינאמיש א רופ: דערוואַ־א־כט!

און מיטאמאָל אפ געהאנגענעם גוף
ס'צינדנ די וונדנ זיך אָנ:
ווערט אפ שווארצער, צעפאלמעסטער הויט,
יעדער בלוט־פלעק א פלאמיקע פאָנ...

## גרייט!

האָפּערדיק ציטערט איצט וועלט,
בײַט איר פארבלייכטנ קאָליר,
ס'האָט פּלוצים א ליכט אופגעהעלט
בא יעדער שטום־טונקעלער טיר.

האָפּערדיק ציטערט איצט וועלט
יעדער נערוו פונ פיבער צערירט.
קאָנטינענטנ אפ שפּיצ־פינגער צעשטעלט,
האָבנ אייגענעם פולס־קלאפּ דערפילט.

שפּרייט זיך, ווי זוניקער בלענד,
אנ אָנזאָג דורכ לענג און דורכ ברייט —
איז פונ אונטער פארכוישעכטע ווענט
צערוישט זיך וואולקאנישע פרייד.

איז אפ יעדנ בלוט־געמיסטיקטנ פעלד
בליִענ פויסטנ—הארטע ווי שטיינ.
ציטערט איצט האָפּערדיק וועלט —
גרייט אונטער מעסער צו גיינ.

---

[1]) מאב—ווילדער, אומבאוווסטזיניקער המוינ.

# שפאנט אָנ דעמ בויגנ!

(צו דער „מאָרגנ-פרייַהייַט"־קאמפאניע).

ס׳קלאפּנ שווארצע הענט שוינ אויס פאר אונדז א טרונע,
אונ קנאקנ זיך די פינגער, הירזשענדיק פונ פרייד.
אָט וועט פארקלינגענ לעצטער קלונג פונ הייסער „פרייַהייַט"־סטרונע,
אָט וועלנ שטומענ אונדזערע צעגליטע רייד!

איז ווער וועט טראָגנ אונדזער פאָנ דורכ ברויז פונ שלאכטנ?!
ווער וועט באלויכטנ אונדזער פולוועגר־שווארצנ וועג?!
ווער וועט העלפנ אונדז צומ עמעס זיך דערטראכטנ,
אונ דערפירנ אונדז צו ווונדער־העלע טעג?!

„פרייַהייַט"! וויפל בלוט האָבנ מיר שוינ פאר דעמ וואָרט פארגאָסנ!
וויפל לעבנס פאר דעמ וואָרט געלאָזנ אפנ פעלד! —
איז ווי טאָרנ מיר דענ איצט דערלאָזנ,
אז ס׳זאָל ווערנ אונדזער וואָרט־פלאמ אָפּגעשטעלט!!

געלער איפעש לויערט שוינ, מיט הונגעריקע זיזעוואטע אויגנ,
אָט דאכט זיך, פאלט דאָס שווערד פונ אונדזער קאמפ־געשטאָלטער האנט;
— איז מיט פאריינטער קראפט, כאווירימ, לאָמיר אָנשפאנענ דעמ גליִענדיקנ בויגנ
אונ צונאָגלענ מיט אונדזער פייַל דעמ סוינע צו דער וואנט.

# ערשטער מייַ

ערשטער מייַ!
זאָל אונדזער קאָל זיך קייַקלענ
ווי א ריזנ־כוואליע איבער וועלט:
ערשטער מייַ!

ווער האָט אָט דעמ רופ
אמאָל שוינ אָפּגעשטעלט?
ווער פארמעסט זיך דאָס
פאנאנדערוויַסנ
די מיליאָנענ הענט,
וואָס פלעכט זיך
פונ קאָנטינענט
צו קאָנטינענט?!

ערשטער מײַ!
וועמענ שרעקט דאָס
אײַער גאז אונ אײַער באיאָנעט? [1]
וועמענ ארט עס
אײַער פינצטערער געשפּעט!
צי פארשטילט איר אונדזער קאָל דענ
מיט מאשינ־געווערג,
אויסגעשטעלטע אפ דעכער?—
העכער,
העכער נאָכ צעקלינגט זיכ אונדזער אויסגעשריי:
— ערשטער מײַ!
איז וואָס —
אײַער סטראשענ אונדז
מיט מערדער־באנדעס
אונ מיט פערדישע פּאָדקאָוועס;
אינ אונדזער קאָל
ס'ציטערט
בלוט
פונ סטיוו קאטאָוויס [2]
בלוט פונ עלאמײַ [2]!
ס'איז נישט היסטעריקע בא אונדז
אָט דער געשריי,
ס'איז ניט נעמאכט זיכ
גלאט אזוי א ראש; —
ס'איז אש
פונ סאקאָ אונ וואנצעטי [2]
ס'איז מעלאָס [2]
ס'איז גאָנזאלעסעס [2]
טויטער גופ,
וואָס הילכט אזוי צעפלאמט
אונ גליט אינ אונדזער רופ.
ס'איז כינע
אונ ס'איז אינדיע,
ס'איז קולי [3]
אונ ס'איז „ריקשא־בוי", [4]

---

[1] באיאָנעט—שפּיז. [2] סטיוו־קאטאוויס; עלאמיי; סאקאָ; וואנצעטי; מעלאָס; גאָנזאלעסעס — פאמיליעס פונ אמעריקאנער רעוואָלוציאָנערנ, פארפּײַניקטע דורכנ ווײַסנ טעראָר. [3] קולי—א שווארצ־ארבעטער אינ כינע. [4] ריקשא—א ווענעלע־פירער אינ כינע; שפּאנט זיכ אײַנ אינ ווענל, פארבײַטנדיק א פערד.

וואָס רײַסט אונדז הײַנט
ארויס אזוי!
ערשטער מײַ!
ס'איז ווי פון הונגעריקע —
ארבעטלאָזע —
צען מיליאָן, [1]
וואָס פלאַטערט רויט
און דראָענדיק
אפ אונדזער פאָן!
און יעדער קלאַנג פון
„אינטערנאַציאָנאַל" —
א וועק־סיגנאַל פאר די,
וואָס דרימלען נאָך
אין שאפ,
אפ פעלד,
אין שאכט,
א רוף —
צו גיין מיט אונדז
אין לעצטער שלאַכט!

ערשטער מײַ!
ווי א רעגן
פון זידנדיקן בלײַ
זאָל אונדזער רוף זיך טראָגן
דורכן רוים —
און זאָל אפילע
בלוט
באפארבן אונדזער הייסן
צאָרן־שוים!

# ס'זײַנען שארף שוין מעסערס

ס'זײַנען שארף שוין די מעסערס, די ביקסן געלאָדן.
א קראַנץ פון הארמאטן נעמט ארום יעדער לאַנד,
און טויזנטער ליופּעס, ווי הונגעריקע מײַלער,
זײַנען אָנגעשטעלט אפן סאָוועטן־פארבאנד.

ס'האָט מאָנארך זיך דערשראָקן און בורזשוי איז פארציטערט:
צו שנעל און צו זיכער גייט אוף דאָרט דאָס פעלד.

[1]) איצטער דערגרייכט שוין די צאָל ארבעטלאָזע אין צ.א.פ.ש. קאָרנט צו 15 מיליאָן.

דארף מען פארניכטן, מוז מען פארברענען —
און מאכן א שײַטער־הויפן פון וועלט.

אין זײַן אייגענער נעץ האָט באַלעבאָס זיך פארפּלאָנטערט:
צו פול זײַנע שפּײַכלערס, פאבריקן צו פוסט —
און זײַן „מענטש", וואָס פלעגט שווײַגן מיט טעמפּע געהירן,
האָט זיך איצט פון א נײַעם מין לעבן דערוווּסט.

אפ א זעקסטל פון ערד איז פרעמד שוין דער הונגער
און פאר יעדן, וואָס וויל, איז ארבעט פאראן:
קאָלווירטן, סאָווירטן, פאבריקן, זאוואָדן —
ס'איז אלץ דער פארמאָג פון ארבעטער־מאן!

אקערט מען פעלדער און שווארצן זיך קוימענס,
שטייען דאָרט רעדער ניט שטיל א מינוט:
ווי קען מען דען רוען, ווען פריידיקער אימפּעט
פון בויונג באלעבט יעדן ארבעטערס בלוט.

האָט מאָנארך זיך דערשראָקן און בורזשוי איז פארציטערט:
צו שנעל און צו זיכער, גייט אופ דאָרט דאָס פעלד!
דארף מען פארניכטן, מוז מען פארברענען — — —
און מאכן א שײַטער־הויפן פון וועלט.

בראָדיעט יאפּאָן שוין איבער מאנדזשוריעס פעלדער
און לאָזט הינטער זיך א בלוטיקן סליאד;
אלץ נעענטער און נעענטער צום סאָוועטישן גרענעץ
טראָגט זיך דער הילך פון סוינעס הארמאט.

מיט כיטרע אויגן קוקט אייראָפּע צום מיזרעך.
דער פעלקער־ראט ברעכט זיך „פארוואונדערט" די הענט.
יו־עס [1]) בלאָזט אונטער ווי ניט אומיסטן דאָס פײַער,
און רעכנט שוין שטילערהייט אויס איר פּראָצענט.

אלץ וועלן הערשער אין קאָן איצטער שטעלן —
און ארבעטער־בלוט איז די ביליקסטע קאָרט —
גרייט מען די וועלט שוין מיט פראזן פון קירכע
צום „הייליקן קריג", צום מיליאָניקן מאָרד.

---

[1]) יו־עס — יוניאָן סטייטס; פאראייניקטע שטאטן.

ווען באַלד אַן אוראַגאַן זיך איבער לענדער צעשפּילן;
ווען רעגנס בלייַ באַלד און האָגלען ווען שרויט.
אין טײַכן פון בלוט וועלן גויסעסן פעלקער,
און הימל וועט רעווען מיט שטאָלענעם טויט!

אין גיפּטיקע גאַזן וועלן שטעט זיך דערוואָרגן —
בא קרופּן וועט אַרבעטן אַ דרײַפּאַכער שיכט —
דער פּויפּסט וועט זיך מאָדליען און בעטן זײַן סטאַדע —
פאַר די גיפּאַלענע העלדן אָנצינדן ליכט.

אַפּ בלוטיקן טיש וועלן זיך שפּרייטן די קאָרטן.
דעם סאָף פון דעם שפּיל—מיר ווייסן שוין הײַנט:
אינמיטן פון כאַאָס, פון מאָרד און פון פײַער
אונדזער קויל וועט געפינען דאָס האַרץ פונעם פײַנט!

---

4) די הײַנטצײַטיקע ייִד. פּראָלעט. דיכטונג אין אַמעריקע.

# ארנ (שמועל) קורצ

געבאָרנ אינ 1881 יאָר אינ וויטעבסקער גוב. אינ 1911 יאָר אַוועקגעפאָרנ קיינ אמע־ריקע. געארבעט דאָרט אלס פאבריקמאכער. דרוקט זיכ פונ 1916 יאָר. אנ ערעכ פונ 1925 יאָר דרוקט זיכ אויסשליסלעכ אינ דער קאָמוניסטישער פרעסע. אינ 1931 באזוכט דעמ סאָוועטנ־פארבאנד, אלס מיטגליד פונ דער ערשטער־מײַ־דעלע־גאציע. ארבעט איצט אינ „איקאָר“ (פראָלעטארישע אָרגאניזאציע צו שטיצנ די ערד־אײַנאָרדענונג פונ האָרעפאשנע ייִדנ אינ סאָוועטנ־פארבאנד).

## עס האקנ אויס

עס האקנ אויס האסטיקע העקער
ווילדע, מאָכיקע וועלדער —
פארליימיקטע ברידער
ברענענ אויס ציגל
אינ אויוונס פונ הייסע ציגעלניעס.

ברידער, ברידער אונ ברידער
ציִענ אויס רעלסנ
אפ זוניקע שליאכנ,
שמידנ אויס וועגנ אונ בינדנ
דערפלעכ, שטעטלעכ אונ קראכנ.

אינ פינצטערע, גאזיקע גרובנ,
פארשמירט מיטנ סאמ פונ געפאר,
בויערנ ברידער די פעלזנ פונ ליכט
פאר אייגענעמ סוינע אונ האר.
שלעפנ די שיפנ אונ בארקעס
בא ליכטיקע טײַכנ אונ פאָרטנ.
פרעסנ פאר זויפער די ווײַנענ,
באקנ פאר פרעסער די טאָרטנ.

נאָר אינ יעדנ זעצ פונ די העק,
אינ יעדנ ליימיקנ קלונג
הערט זיכ דער שווונג פונ פלאמיקנ אָטעמ,
דאָס צאָרנדיקע וואָרט
פונ צעבונדענעמ צונג.

אינ פײַער פונ אָטעמ, אינ צאָרנ פונ װאָרט
װעט ער פארברענענ די מאכט פונ די הערשער,
אונ יאָנטעװודיק פרײַ
װעלנ פירנ די װעלט
די װאלדהעקערס, בעקערס, די שמידער אונ בערשטער.

# די גלעקער פונ נײַ-יאָר

עס קלינגענ די גלעקער
פונ נײַ־יאָר! קלינגענ־געקלאנג
פונ בעכערס מיט װײַנ, פונ בראָכע פונ זײַנ, פונ גאָלדענעמ צװאַנג—
פאר רױבער אונ ראָװ,
פאר בלוטזױגער, פאָרעצ אונ שװײַנ.
נאָר אונטער די דעכער
אונ אונטער די דילנ
פונ שטעט אונ פונ לענדער שטיקט זיכ
א פעכיקער פײַער—רײַסנ זיכ פליגלענ,
פלאמיקער פעכער!
די דעכער
זײַנענ אלע שטאָל. די דילנ—
קרישטאָל— אונ— שפיגל־גלאָז
װי נאָר די װוילױנגערישע װעלט הײבט אופ איר קאָל אינמיטנ נאכט:
„מיט גליקנ, מיט גליקנ, צומ נײַעמ יאָר!“,
טוט די ארטילױעריע זיכ א לאָז א שפּיז־אונ־פײַער־טאנצ
איבער די דעכער. קלינגט עס,
קלינגט אלצ העכער—שפּאָרע, שפּיז אונ
בעכער! אונ אינ כאטקעס, אונ אינ שטיבלעכ,
אונ אינ קעלערס—
אונטערנ יאָכ פונ נידעריקער סטעליע, אומעטיקנ לעמפּל (װי אנ אלטע קלוגע שװאכע אױג) אונטערנ יאָכ פונ טױבנ, שװערנ יאָר,
װאָס פרעסט אופ הארעפּאשנע אקסלענ, װאָס הײבנ ניט אָנ פילנ,
אז דאָס אלטע יאָר איז זײ אראָפּ פונ קארק! דאָרט הילכט טעמפּ
אונ װײטיקדיק
די פרײד פונ נײַ־יאָר־מארק.
אוי! װי נאָענט צומ לײַב עס איז
דער דאלעס
אינ א נעגנג קעלער—מיט א נידעריקער, היטלדיקער סטעליע!
עי, עי, נײַ־יאָר! נײַ־יאָר! פאר װעמענ שפּילט דאָס
דײַנ קאפּעליע? װעמענ, װעמענ זינגט עס אָנ
דײַנ פרײלעכ־פארשײַטער טראָמבאָנ? „נײַ־יאָר, נײַ־יאָר, נײַ־יאָר,

נײַ־יאָר, קום שוין אָן!"
אוי! ווי ווײַט עס איז
די נײַ־יאָר־פרייד פון אַלטע דירעס, אַלטע קליידער,
פון קליינע, אומעטיקע לעמפּלעך
און קאַלטע הענט!
גלעקער קלינגען.
האמערס שווינגען!
זייערע גלעקער.
אונדזערע האמערס!
הײַנט זינגט די ירושע פון דוירעס
זייער געזאַנג מיטן צוויי־טויזנטיאָריקן מעסער.
נאָר אונדזערע האמערס שלאָגן מיט האס
איבער עפּאָכעס פון בלוטיקע גזיירעס!
צום קלאַנג פון מיליאָניקע, שווערדיקע קלינגען, וואָס מערן זיך,
וואַקסן אַלץ גרעסער; קלינגען און קלינגען
די גאָלדענע פלעשער
מיט נײַ־יאָר־ווײַן, בלוט און שאַמפּאַניער—
אף „פרידלעכע" טישן פון ראָצבישע לענדער—אמעריקע, ענגלאַנד,
איטאַליע,
דײַטשלאַנד, פראַנקרײַך און שפּאַניע.
שיקערע זעלנער,
שיקערע פידלען,
שיקערע שלאַכט־פעלדער און קאַבינעטן!
שיקערע, פאַרוועזעטע [1]) עסטעטן! שיקערע
טשעלאָס [2]) און פליטן, שיקערע
צעוואָיעטע טרומפּייטן!
אין קאַלטע קעלערס וויינען קינדער.
אין קאַלטע קעלערס פרירן, ווי די ווענט, באַיאָרטע אַרבעטער,
וואָס האָבן זייערע זעכציק יאָר פאַרלייגט
אין די פעסטע הימלדיקע גאָרנס
פון גאָלד־באַזוימטע מויערן
און פעלזיקע פאַבריקן.
קעלערדיקע ציגל וויינען
מיט פינקלדיקן פראָסט. עס וויינען טישן נאַקעטע,
עס וויינען אָפּגעבליאַקטע בעטן און דערפראָרענע מאַטראַצן
באַווינטע
און באַוויינטע
פון וויטעקדיקע לײַבער.
הײַנט זינגען צו נײַ־יאָר אַ שיקערן לויב

[1]) פאַרוועזעטע — פאַרדריפּעטע, פאַרזשעשטע. [2]) טשעלאָס—וויאָלאָנטשעלעס (פאַרקירצט)

הערצער צעוואַרעמט, צעיושעט
פון בלוטיקער גזיילע.
בא די טישן מיט די טאַנצנדיקע גאָלדענע פלעשער
איז יעדע כריפּלע, זינגענדיקע האַרץ
אַ פאַרסאַמטע קיילע
מיט אַרבעטער־בלוט און מיט אָטעם פון רויב,
העי! רויבער!
מיר וועלן די פלעשער אַ שאַר טאָן,
אַ קער טאָן די טישן!
מיר וועלן די שטאָלענע דעכער דורך רוימען פאַרייסן.
אַז ס'וועלן די פידלען, די טשעלאָס,
די שפּיגלענע דילן פון אַלע פּאַלאַצן,
אַז ס'וועלן די גאָלדענע פלעשער, די הימלען פון ניי־יאָר
פון אייער יאָר פּלאַצן!

## שטרייק

שטרייק! שטרייק!
טויזנטער שניידער־הענט
שליידערן טירן באַגינען.
טירן פון זאַלן
ריידן דעם אימפּעט פון שטרייקערס: שטרייק!
לאָזט איבער די פּרעס־אייזנס, נאָדלען און שערן,
פאַרהאַקט די מאַשינען!
לאָזט איבער די פינצטערע פּוסטקייט פון שעפער
צו די הינטישע הערן,
און קומט אין די זאַלן, קומט אויף די גאַסן
פון אָפענעם קאַמף!
ס'איז יעדער שטרייק
אַ שוועל צום שטרייט
פון שאַרפן כעזשבן מיט די לייט—
וואָס זאַמלען אויצרעס, רויבנדיק
פאַרהאָרעוועטן ביסן
פון שניידער און פון פּרעסער, וואָס ווערן אויסגעריסן
פון באַלעבאַטים, פאַרעסטערישע „פּירער"
און זייער פּאָליציי.
שניידער! עס הערט זיך
אייער ווײַ־געשריי
אין יעדן פאַס

אפ די מאָטאָרנ!
מיט דעם ווייטעק פונ שנייַדערשע פולסנ שטעפנ די מאשינעס
פונ אונטערשטנ
ביז העכסטנ גאָרנ
אינ סוועט־שעפער [1]), אינ גרויסע, רוישיקע פאבריקנ
מאשינעס ריידנ ווייטעק.
מאשינעס ריידנ צאָרנ!
מיט בייזנ, רוישנדיקנ ווייטעק ריידנ די רונדע
עלעקטרישע שנייַד־מעסערס!
לויפנדיקע פאסנ אפ מאָטאָרנ וואָרנענ!
מאָטאָרנ ריידנ—רעוואָליוציע!
וואָס גרעסער, וואָס שטארקער
די שנייַדער-פאבריקנ,
אלצ בייזער דריקט יאָכ אפ די שנייַדער.
(דריקנ ברענגט גליקנ, גאָלדענע גליקנ!)
„עס ווילט זיכ אייַכ, גלוסט זיכ אייַכ
ארבעט פונ וואָכ?
וואָס נאָכ? נאט אייַכ אָפ
די פאבריקנ, אונ שוינ!"
ווי „גוט", ווי „איידל"! נאָר ניט געגעבנ!
מיר נעמענ אליינ!
יעדע גאָב פונ „גוטנ ווילנ" אייַערנ
איז א מעסער, א גאָרילע־פויסט,
א שארפער שטיינ!
דערווייַל איז אונדזער מאָנונג:
א פרייַז—אונ א ראיעלער!
א יוניאָנ—די אינדוסטריעלע!
ס׳איז יעדער שטרייַק איינ שוועל נעענטער
צו אייַער קאפ־האקאלע!
דערווייַל
נייענ מיר קליידער
אונ הענגענ אפ שטולנ— מיר שטעפנ צו
איינסנ
צו אייַערע גולנ!
נאָר הערנ מיר אופ, אינ נאָענטנ טאָג
פונ אָקטאָבערדיקנ רופ—
הענגענ מיר,
מיט סימאָנים פונ פריילעכנ אָנדענק,

[1]) אינ סוועט־שעפער — פאבריקנ, ווו עס איז אייַנגעפירט די שוויצ־סיסטעם.

אלע פײַנע באַלעבאַטים, פאַבריקאַנטן,
וואָס פאַסעוועט דאָס לעבן פון די שנײַדער
ווי די ביליקסטע גוואַנטן!
פײַנע לײַט! וואַזשנע לײַט!
דער ייִד, דער אָרעמאַן — דער באַלעבעסל,
האָבן נאָך פאַר אײַך דערעכערעץ
אין באַנק, אין שול.
אין באָד, און מוישעוו־זקיינים! [1]
וואָס מער איר רויבט, אַלץ גרעסערע „גדוינים"
ווערט איר באַם ראָוו, באַם „פאָלק"
און בײַ יעדן פרום־פאַזירנדיקן שערעץ, [2]
וואָס זוכט אין אַלץ אַ טערעץ
צו זײַן אַן אויסדערוויילטער פּאַראַזיט.
עס רופט דער פּאָפּ פון רוים
ביידע קלאַסן צו פאַרשטיין זיך!
ליגנער! היפּאָקריט! [1]
ציגנד אָן דײַן קרוין און באַוויין זיך!
זיך! און אַלע דײַנע
אַליאַירטע! [4]
ווײַל איר אַלע
וועלן שוין לאַנג ניט הערשן
איבער די אָרעמע, פאַריאָכטע און פאַרפּירטע.
אין יעדן קוואַרטאַל, אין יעדן לאַנד
וואַקסט הייסער, גרייטער
שווערד נאָך שווערד
פון אײַער לעצטער שאָ אַף דער ערד!
שטרײַק!
פּיקעט, רוף און מאָנונגג!
און אומעטום, אין יעדן וואָרט —
לעניניסטישע באַטאָנונגג!
אומעטום, אין יעדן לאַנד, ווו מיר לײַדן,
הונגערן און קרענקען,
וועלן מיר מיט פולווער זיי פאַרשווענקען!
מיט יעדן נאָדל־שטאָך
קומט נעענטער דער סאָף
פון אונדזער יאָך!

---

[1]) מוישעוו־זקיינים — אַ הויז פאַר אַלטע אָרעמעלײַט, וואָס ווערט אויסגעהאַלטן אַף צדאָקע. [2]) שערעץ — נידעריקע באַשעפעניש, מיִעסקײַט. [3]) היפּאָקריט — צוויאַק, פאַלשער מענטש. [4]) אַליאַירטע — פאַרייניקטע, פאַרבינדעטע.

מיט יעדן פּאַרענדיקטן נאָט
ווערט האַפּטיקער אונדזער געבאָט!
לײַדן מיר, קעמפן מיר, בלוטיקן,—אָבער!—
יעדער שטרײַק איז
דאָך אַ שווערד
פון אומעטומיקן, געררעכטן אָקטאָבער!

## אין ליימענע טעפּ

פריַע, ווי
די בערג,
ווי דער האָדסאָן [1] מיט די שיפן,
פרײַ ווי די יוליקע זון איבער אונדזערע זומערדיקע קעפּ,
איז דער ליכטיקער אויסזיכט פון אונדזער פינצטערן לעבן.
ווען מען אויגן זײַנען ליכטיקער פון דעם קוילנגרעבערס?
ווען מען פרייד איז לויטערער פון דעם בורלאַקס?
ווער איז זוניקער—ערלעכער,
ווער איז
פון שטיינהאַקער?
אונדזער סינע איז
אָפן און פול,
ווי פול עס איז און אָפן אונדזער פרידן.

אונדזער יאָך,
אונדזער שווערקײַט פון לײַב און
פון לאַסט,
אונדזערע געשמידטע ווייטעקן—זײַנען היסטאָרישע פּיראַמידן.

אָפענע,
לעבעדיקע פּלאַקאַטן
איז אונדזער שטאָט פון פאַבריקן און באַנען, פון בריקן און
טונעלן.
אין קופּעס ליים פון אונדזערע ציגעלניעס באַקן זיך זונען;
האָב איך בײַ די אָרעמע טעפּער
געפונען
רייפע רויטע זונען
אין
די טעפּ.

---

[1] האָדסאָן — אַ טײַך אין ניו־יאָרק.

# אונדזער רויטער יובילײ

## 1

## „מיר—די ברידער פון אמעריקע"

מיר, די ברידער
פון די היגע אָרעמע קווארטאלן,
קענען הויך ניט שאלן אונדזער לײַב־און־לעבנדיקע פרייד
פון רײַפן, רויטן יויוול.

מיר, די ברידער
פון די ענגע גאסן,
פון דעם ברייטן לאנד אמעריקע,
קענען ניט ארויס אפ סקווערן מיט
געהעריקע
פאָנען און סימוואָלן
פון דעם אויסגעשלײַפטן טאָג.
נאָר אונדזערע אופגעפלאאמטע אויגן מאָלן,
מאָלן אונדז
די ערשטע נאכט אפ היגע באריקאדן.
מיר ברענען מיט דער פרייד פון ברידער,
וואָס שרײַבן שוין הײַנט די ליכטיקע, געשיכטלעכע באלאדן
פון דעם ערשטן, רויטן דעקאד —
פון די שוסטער־און מוליער־דעקאדן
אפן רויטן סקווער —
די גליקלעכע ברידער פון מאָסקווע,
פון מינסק און
פון טווער.

## 2

## רויטע ציגל.

מיט שווארצע באנען יאָגן מיר אין הארץ פון שטאָט ארײַן,
צו אונדזער רויטן יויוול.
ברייטע, פלייטשיקע און שפיציקע דעכער
פון רויטע קאכליעס און שינדלען
מינען זיך, שווינדלען,
פלאטערן, ווי רויטע סימוואָלן און פאָנען אין ווינט און אין זון.
די הענט פון רויטציגלדיקע מויערן
און שטיבער
זײַנען אונדזערע ליכטיקע אויגן הײַנט ליבער.
יעדער רויטער ציגל
צווישן געלע מויערן

איז אַן אָנגעגליטער זיגל פֿון
די וואפּס [1], די שיניס [2], די נעגרעס, וואָס בויערן
לעכער אין ראָסטיקע גרונטן.
הײַנט זײַנען בא אונדז רויטע ציגל־ווענט, בונטע.
זוניקע סימוואָלן
פֿון ציגלדיקן שטײַגן.
הײַנט ריידן אָפּן אָנגעברענטע רויטע ציגל.
רויטע ציגל זאָגן—
וואָס מיר מוזן הײַנט פֿארשווײַגן.

3

## אָפּענער יויוול

ווען דער הײַנטיקער טאָג וועט ארײַנפֿאלן אין אָוונט,
וועט זײַן פֿײַגלעכ צו טראכטן,
אז אנטקעגן דעם אָפּענעם יויוול אין די ראטן
זיצן מיר אין באוואכטע
פֿרעמדע זאלן.
אונדזערע אָפּענע געדאנקען זײַנען אײַנגעשנורעוועט
אין בלאָע רימענס און אין שווארצע שנאָלן.
אימפּעס, הערצער אין רייד אָנגעצויגן, ווי ערשט־געפֿלאָכטענע קאנאטן
איבער ברענענדיקע בריקן.
(הײַנט וועט, אָ, טײַוול, קיין טראָגן דאָ,—קיין איינציקער קנעפּל
ניט פֿאלן!)
עס פֿײַפֿן ניט פֿאר אונדזער יויוול די קוימענס פֿון פֿאבריקן,
וואָס מיר הייצן און באטרײַבן.
די היגע פּאָעטן ווילן אלץ ניט שרײַבן וועגן דאלעס,
קאמף און יויוול פֿון
די שווארצע קלאסן.
שווערער איז
אין פֿרעמדע, פֿארשלאָסענע לענדער
די פֿרעמדקײַט פֿון אייגענע מענטשן אין טאָג פֿון יויוול—
ווו זײַנען די צוואנציק מיליאָנען?
(דערמאָנט זיך, דערטראכט זיך, דערלעבט און
קומט אָן).
פֿון די אײַזנבאנען, פּאָרטן,
פֿון די שאכטן און
באָרטן, אלע—
צו דער יויוולדיקער פֿאָן!

[1] וואפּס — איטאליענער. אַסאַ לאָשן פֿון אמעריקאנער שאָוויניסטן, [2] שיניס — ייִדן אַפּנ זעלבן לאָשן.

# די לעוויַע (סאקאָ און וואנצעטי)

מיר גייען נאָך אלע ארום מיט ניטגעשלאָפענע אויגן פון
אייַער לעצטער,
מעסערדיקער נאכט, ברידער.
נאָר אונדזערע אויגן זייַנען
קלאָר,
ווי די שטימען פון אונדזער מיליאָניקן כאָר,
וואָס באזינגט אייַער טויט אף
די גאסן
פון טורעמדיקן ניו־יאָרק.
אונדזערע רויטע טעג און זייערע שווארצע נעכט האָבן אייַך געבראכט
אף אונדזער סקווער
צום לעצטן מאָל.
וואנצעטי—ווו איז דייַן פישוואָגן?
סאקאָ—
ווו איז דייַן אָל?
... פארנאכט.
אָנגעצונדענע הימלען איבערן סקווער.
פופצן טויזנט קעפ־שפעלטערס היטן אונדז מיט שטעקנס.
דער הימל איז אונדז הייַנט ניט שווער. מיר פירן
א לעוויַע.
מיט מוט און
מיט געזאנג.
שווער איז נאָר אָנקוקן די אָנגעברענטע שטאנג, וואָס צאמט די
טריט פון
א מיליאָן ניו־יאָרקער ברידער.
שווארצע אורנע,
רויטער אש.
פאטריאָטישער קאמופליאזש [1]
צאמט דעם וועג א פאָלק ניו־יאָרקער ארבעטער אינ טרויער.
היי, דורך ווייטעק און טרויער,
דורך געשפאָלטענע קעפ איז
דער וועג.
געזאנג ווערט פון אונדזער טרויער, רויט—
דער שווארצער קרעפ.
דורך גאסן, דורך אייַערע
גאסן

---

[1]) קאמופליאזש — מאסקירונג, צודעק.

גייען מיר זינגענדיק: באזינגענ דעם טויט פונ
צוויי העלדישע ברידער.
דורכ גאסנ פארשטעלטע מיט
מילכאָמע־הארמידער, באווירעט
מיט סינע אינ בלאָע גארניטערס, אונטער די פיס פונ
די שלאכט־גרייטע פערד,
זינגענ מיר לידער פונ פרייד צום מארטירערישנ טויט.
שרעקט נישט!—מיר ווילנ, מיר קענענ
באצאָלנ.
מיר שטאמענ פונ גרונטיקע סטוואָלנ, נאָר
מיר וואקסנ אינ ליים, אונ אינ רויכ אונ אינ זונ, צו
דער רײַפקײַט פונ פולע, געזונטע געוויקסנ.
פײַפט מיט די שטעקנס, צילט מיט
די ביקסנ,
שטריקט אונ
קניפלט די
פעטליעס,
באווארפט אונדז די העלדזער מיט שטאָלענע רינגען:
מיר גייענ דורכ קוילנ, דורכ סינע אונ טרויער, גייענ אונ
זינגענ
לידער פונ פרייד,
פונ זיג אונ פונ ליבע
צו העלדישנ טויט.

## אינ די לעצטע טעג

(פונ דער פאָעמע „אייראָפע")

אינ לעצטע טעג
קענסטו צעשיסנ
מיכ, מײַנ ברודער אונ
מײַנ טאטנ,
נאָר מיר אלע
װעלנ ניט פארלאטענ
דײַנ צעפוילטנ רוקנביינ, אייראָפע!

קענסט צערײַסנ רייענ,
נאָר ניט זייערע לידער,

וואָס זינגען פריַי איבער דער וועלט
די רעגע פון
דייַן סאָף.

ווו ביינ איז פויל,
קען גאָלד ניט
היילן. קענסט אופבויען
פון גאָלד דיר
אַלע טיילן,
וואָס צעפאַלן אין
דייַן לייַב,
נאָר עס קען א רוקנביינ פון גאָלד
ניט אופהאַלטן
ניט מענטש, ניט לאַנד, ניט קלאַס.
ווי דייַנע וויל־באַצאָלטע זינגער פון
פארנאס [1]
קענען דיר ניט לייַטערן דייַן ליגן.
ווי דו אַליינ אָן פאַסטעכער,
ניט פיטערן קענסט, ניט אָפּהיטן
דייַנע פעלדיקע סטאַדעס פערד און
קי
און ציגן.

דייַנע זינגער און
זעלנער
וועלן דעם עמעס אינ דר׳ערד ניט פארוויגן
דיר קלינגט דער האַמער: קעגן!
עס וועט א טאָג
די ערד באַוועגן.

די מאָנומענטן און
די בריקן
וועלן זיך צעוויגן,
און ס׳וועט באַזיגן
לאָמיקער מוליער און
סטעפּיקער סטאָיפּע
אמעריקע
און אייראָפּע!

---

[1]) „זינגער פון פארנאס" — באַזינגער פון געטער. פארנאס — א בארג אין גריכנלאַנד, ווו עס וווינען, לויט דער גריכישער לעגענדע, די געטער.

# א רוף

(צום 1־טן מײַ)

הײַנט!
ארבעטער—באגעגנ דײַנע פײַנט!
זײ שטײען דאָ אלע,
בארינגלענ דעם סקוועך,
מיט שפּאָט אינ פענצטער, מיט ביקס אפ דעכער,
מיט אײַזערנע שטעקנס בא קראָמישע שוועלנ.
זאָל פונ אונדז קײנ אײנציקער
דאָ הײַנט ניט פעלנ!
מארש אונ מארש צום יוניאָנ־סקווער!
הונדערט־טויזנט אונ ניט װײניקער!
אלע, אלע קומט אהער!
זאָל אונדזער רופ
װערנ צײַטיקער,
שארפער,
אינ טעג, װענ מיר גרײטנ זיך
צו שארפנ געװער!
זאָל רײַסנ די גאָלדענע שילדנ דער רופ!
זאָל שטורעמענ מאָנונגג!
זאָל זיך פלאמיק פארקריצנ אפ די װענט ארום אונדז
פונ ארבעט אונ קאמפ דער בארופ,
מיט גלײַיקער באטאָנונג
פונ אָנגעברענטע שװערדנ.
מארש אונ מארש צום יוניאָנ־סקווער!
הונדערט־טויזנט — אונ ניט װינציקער!
אלע, אלע קומט אהער!
געדענקט, ס'איז קײנער אונדז
ניט גינציקער
װי לענינס װאָרט, װי אונדזער שװערד!

# לאנדשוץ

לאנדשוץ! לאנדשוץ!
רופט דאָס לאנד פונ די ראטנ.
לאנדשוץ, ברידער! װער װעט דינענ!
װער װעט װאגנ צו פאראטנ?

א װעלט מיט נויט!
א װעלט מיט רויב!

איינציק לאַנד מיט פרייד
און מיט געזונטע ווילן!
וועלכע פויסט, פון וועלכן לאַנד
וועט וואגן צו פארשפילן?

פון די טעג פון די ספּארטאקן
ביז די פּאַרסאָנס [1]) אפּן היי־מארק,
פון די געקעפּטע קאָמונארן
ביז ניקאָלײַ סאקאָן —
מאָנען יאָרן, מאָנען טאטן: לאַנדשוץ, לאַנדשוץ, ברידער!
פאר דאָס לאַנד אונדזער, דאָס איינציקע,
זאָלן פויסטן
ווערן פאקלען!
זאָל אונדזער גרייטקייט ווייזן
אַלע סאָנים
די מעגלעכע סאכאקלען
פון זייערע פולווערדיקע פלענער.
ארבעטער פון אַלע לענדער:
עס קומט דער טאָג פון גרויסן פּרוּוו!
לאָמיר גרייט זײַן
צו דער רעגע
ענטפערן דעם רוף!

ס'איז ראטנלאַנד די ברייטע שוועל,
וואָס פירט די וועלט מיט רויטע ראטן.
האָבן מיר איר ליד פון זיג געזונגען!
באוואונדערט אירע טאטן!
נאָר איצט קומט אָן דער טאָג
צו דינען, ווי די יאטן!
לאַנדשוץ! ברידער!

ארײַן אין רויטער ריי!
גענעבן קעפּ, גענעבן לעבנס, יאָרן טויזנטער פאר זיי!
לאַנדשוץ, ברידער!
דער קאָמינטערן מאָנט
אין יעדן לאַנד א גרייטן פראָנט.
זאָלן שרעקן

---

[1]) דער אויטער מיינט דאָ די רעדע. געשעענישן אין טשיקאגאָ אין יאָר 1888 זיינט וועגן מ'פײַערט דעם פּראָלעטארישן יאָנטעוו ערשטער מײַ.

מיר גייען, אלע גייען!
די פײַנטלעכע ארמייען.
וועלכע פויסט אין וועלכן לאנד
וועט וואגן צו פארשפילן?
וועלכער ארבעטער וועט וואגן צו פאראטן?
ס׳וועט פעסטע פויסט פון ארבעט ניט פארשפילן!
ס׳וועט דער סטאָליער, ס׳וועט דער ברוקער
ס׳וועט דער מיינער [1] ניט פאראטן!
ס׳וועט ציטערן אין וואשינגטאָן דער ווײַסער מויער
און ס׳וועט זיך אופהייבן די ארבעטער־ארמיי
צו פארטיידיקן דאָס לאנד
פון ארבעטער און פויער!

לאנדשוץ, ברידער! ארײַן אין רויטער ריי!
עס רופט סאָוועטן־לאנד!
עס רופט די קאָמפארטיי!

---

1) מיינער — שאכטיאָר.

# י. קעניגשטיינ

דרוקט זיכ לעצטנס אָפט אינ דער פּארטיייִשער און פּראָפּאריינישער פּרעסע פונ צ. א. פ. ש. מיטגליד פונ פּראָלעטפּען.

## א טאָג

א גאנצנ טאָג האָט זיכ פארפלייצט די הוישנדיקע גאס,
און מענטש האָט, זוכנדיק זײַנ ברויט, געגאָסנ פונ זיכ האס.
פענצטער זײַנענ פול געווענ מיט ברויט און גוטע ווײַנ,
נאָר אינ אויגנ האָט געברענט דער הונגער, פיבערדיק מיט פּײַנ.
הונגער האָט געשפּאנט אפ שטאָט, מיט ביינערדיקע טריט,
און כוצפּעדיק האָט זיכ בורזשוי פּאר וועלט געגרויסט דערמיט.
פונ פלאקאטנ האָט אראָפּגעשריִענ ס'רײַכטום פונעם לאנד.
און אפ א ראָג האָט בעטלער אויסגעשטרעקט די האנט.
אנ ארבעטלאָזער יונג איז הײַנט געשטאנענ בא א וואנט
און הונגעריק געריסנ א מאָזאָליעדיקע האנט;
האָב איכ געזאָגט צומ ארבעטלאָזנ יונג:—וואָס שטייסטו ווי א כניאָק,
נעמ דײַנ האנט אפ טורעמ פונ שטאָט און מאכ פונ אימ א גלאָק!
קלינג א שטורעמ אויס דער שטאָט, א שטורעמ פול מיט סאמ,
זאָל זיכ שטאָט צעוויגנ אינ א רוישנדיקנ יאמ...

## הונגער

אײַנגעשרומפּנ איז די שטאָט פונ פראָסט,
ביימער בעטנ זיכ באמ ווינט אביסל רו,
און ליכטיק איז די זונ אפ שניי
מיט גלאנצ און שפּיל.
און הונגער גייט,
איינס נאָכ איינס,
אָפּגעזאָגטע הענט, מיט שרעק אינ אויגנ—
ארײַנ אינ ריי!
מיט פינגער דורכ די לעכערדיקע שיכ,
אפ קאלטנ שניי—
ארײַנ אינ ריי!



5) די הײַנטצײַטיקע פּראָלעט. ייִר. ריכטונג אינ אמעריקע.

אָט באַלד,
און אַלע קוימענס פון פאַבריקן
וועלן ווערן שטיל,
און עסן וועלן מאַנען
ווײַב און קינד.
וועט אומגיין שרעק,
אין ליכטיקן, אין רויטן צאָרן.
קיינער וועט ניט ציילן אייגן לעבן
און אייגן ביסל יאָרן.
בליקן, ווי פאַרשאַרפטע שפּיזן,
פענעמער, ווי אויסגעהאַקט פון שטיין,
זאָגן: ברידער, לאָמיר ווערן ריזן!
לאָמיר אופהויבן די פאָן,
וואָס איז אונדזער בלוט
און אנטקעגן סוינע לאָמיר גיין!

## דזשאָנ

דער שטאָט־זייגער קלינגט איינס נאָך האַלבע נאַכט.
די גאַס איז שטיל און ריין און אופגערוימט און לאַנג,
לאָדנס אײַזערנע, ווי וועכטער, האַלטן רײַכטימער פאַרמאַכט.
פון צײַט צו צײַט עס טראָגט זיך אַ טראַמוויַ מיט אַ געקלאַנג.

דזשאָנ, אַ מידער שוינ פון שלעפן זיך אַ גאַנצן טאָג, פון אָרט צו אָרט—
יאָגט אָפּ אים די קעלט פון נאַכט, מיט בייזן ווינט;
בורטשעט ער אַרויס צו זיך מיט ביטערניש אַ וואָרט,
ווי עס בורטשעט אַ געפּײַניקטער, פאַרפאָלגטער הונט.

ס'לעבן זײַנס האָט דזשאָן אוועקגעגעבן דער פאַבריק.
די שווערע מי האָט אופגעגעסן זײַנע טעג און נעכט,
איצט טראַכט זיך דזשאָן: פאַר אַנדערע געשאַפן האָט ער גליק;
און ער אַליין, געלעבט האָט ווי אַ שווײַגנדיקער קנעכט.

פון פענצטער לײַכטן פײַערלעך מיט רויִקײַט אין שפּעטער שאָ,
באַ דזשאָנענס ברענענע אויגן גיריקע מיט האַס,
גלידער מידע, שווערע, ברעכן זיך און זוכן רו—
נאָר לאַנג און אופגערוימט און ריין איז קאַלטע גאַס...

עס ציטערט קאַעס באַ דזשאָנענס אין פאַרמאַכטע הענט—
בלוט ווערט הייס, אין קאַלטער גליווערדיקער נאַכט,
סאָנים זײַנע אים די הויכע שטיינערדיקע ווענט,
וואָס קוקן אָפּ אים שטום מיט כויזעק און פאַראַכט.

# מיט אונדז איז פול די שטאָט

(צום ערשטן מײַ)

ס'האָט זיך פֿײַערדיקער גלי צעברענט—
איך, דו, זיי—
היי!
מיט אונדז איז פול די שטאָט,
מיט אונדז איז פול דאָס לאנד,
און אלע גאסן, אלע סקווערן,
זײַנען פול מיט אונדזער הייסן טראָט,
וואָס ברענט אף גאָרער וועלט,
דורכ לענג און ברייט,
דעם צייכנ אויס,
פון אונדזער רויטער שטורעם־צײַט.
אלע זײַנען מיר אסאכ!
און מעכטיקער ווי ס'איז דער פײַנט,
איז אונדזער מאכט—
מיר, וואָס טראָגנ אפ זיך וועלט,
דורכ טאָג און נאכט.
מיר, וואָס זײַנען פרייד,
אינ אופגעברויזטן קראכ [1].
שטורעם קלײַבט צוזאמענ הענט
פון אלע עקנ לאנד,
פײַערדיקע הענט,
וואָס שליסנ זיך, ווי רינגען שטאָלענע
אינ העלער וואכ
צום לעצטנ הייב, אפ ביטערנ
און בייזנ פײַנט!

---

[1] קראכ — גרויסע שטאָט.

# א. ווײַנטרויב

א דעסורוסער ארבעטער־דיכטער.

* *
*

ווען אין קוילן קאלט און שווארץ
טריפן טראָפּנס פון מײַן הארץ;
און עס זאלצט זיי צו מײַן שווייס —
גליִען שטאָלן גלוטיק הייס.

ווען דער האמער שווינגט מײַן האנט
איבער שטאָל און איבער בראנד,
זינגט דער אמבוס [1] צו די קלעפּ
צווינג, מײַן צוואנג, אין קלעם און שלעפּ!

דרינדזשען שטאָלן אין מײַן האנט, —
אזויפיל סאָנים אין יעדן לאנד!
פלאקערט פײַער העכער אוף —
שווארצע מאכט, עס קומט דײַן סאָף!...

שטײַגט די פרייד מיט יעדן קלאפּ,
אָ הייסע פרייד אין קוזניע־שאפּ,
שווינג, מײַן האמער, צוואנג מײַן קלעם,
קרעפטיקער, אפ װעלט־פארנעם!

פלאטערט ס׳הארץ מיט פאָנען־רויט,
ערגעץ ווערט דאָך שוין געבויט!
מאגניטאָגאָרסק, דניעפּראָסטראָי,
סאָציאַליסטישער געבוי.

---

[1] אמבוס — קאָוואדלע.

# א. פרינץ

יונגער פּראָלעטאַרישער דיכטער. שטענדיקער מיטאַרבעטער אין דער קאָמפּרעסע. סעקרעטאַר פון „פּראָלעטפּען״ אַרבעט אין רער. פון קאָם. זשורנאַל „האַמער״.

## מאָריס ווינטשעווסקי

(צו זײַן 75־יאָריקן יובילײ [1])

זיידע טײַערער, יונג און פּראָסט
וויל איך צו דיר ריידן:
ס׳איז פאר אונדז א הייסער רוף
דאָס וואָרט פון יונגן זיידן.

זיידע טײַערער, יונג און פרײַ
קלינגען דײַנע יאָר,
מיט קאמפ און וואָרט
און שטאָלצן דאָר,
וואָס שפּאַנט
מיט ליכטיקע טריט
צום לאנד
פון דײַנע טרוימען אין דײַן ליד.

זיידע טײַערער, אונדזער פּיאָנער,
מיר הייבן הייך דײַן וואָרט
און דאָס געווער.
ס׳האָט אופגעשײַנט אף ווײַסן קאָפּ
דאָס גרויסע ליכט—סאָוועטן,
און ס׳קלינגט דײַן ליד אין ליד
פון פּראָלעט־פּאָעטן.

איז געווען דײַן גאנג—
איצט גייט אוף מיט פרייד און זיג
דײַן יונג געזאנג;
אף דײַנע וועגן גייען מאכנעס,

---

[1]) אָנגעשריבן אין 1931.

בייען אין דער שלאַכט;
כאַווײַרים פֿון פֿאַבריקן און פֿון שאַכטעס,
צינדן מיר די פֿאַקלען
לעצטע, לעצטע נאַכט.

זיידע טײַערער, גרויסער יאַנטעוו—
אין טיפֿן שנײ מיט ביקס צו וואַפֿן
אַף די פֿראָנטן,
ס׳א יאָנטעוו—צו דערשפּאַנען
פֿון האַסקאָלע ביז סאָוועטן
און מיט אייניקלעך צו לויפֿן
אין די סאָצגעוועטן.

זיידע טײַערער, ס׳וועט די פֿאָן פֿון דײַנע טעג
ווי די זון באַלויכטן אונדזער וועג,
ס׳וועלן יאָרן דײַנע העלפֿן
בויען באַריקאַדעס,
ס׳וועלן יאָרן דײַנע לויפֿן
אין די שלאָג־בריגאַדעס!

## זעקסטער מאַרט 1930

אין העלן בליאַסק גליִען אוף ניו־יאָרקישע טורעמס.
גאַסן וואַכן אוף, גאַסן טרינקען זון.
יוניאָן־סקווער—פּאַרטײַעט אין דער זון.
אָ־אָ, ציקלאָנען, אוראַגאַנען—רויטע שטורעמס!
טראַמפּ. טראָט. טראַמפּ. טראָט.
קאָלאָנען, באַטאַליאָנען.

מאַכנעס—פֿון ראָד און נאָט.
רוישן
רויטע
פֿאָנען.

קאָזאַקן אַף פֿערד. פּאָליציי.
מאַשינען־ביקסן אַף דעכער.
ווײַסע גוואַרדיע. רויטע אַרמיי.
העי, די פֿאָנען העכער, העכער!

האָט זיך סקווער צערעוועט מיט־טויזנטער געשרייען,
האָבן מיר צעפּאָכט ווי סאַבלעס פײַערדיקע
אונדזערע הונגער־אָנגעשפּארטע פויסטן.
האָבן הײַזער געגאַפט אַף די שטאָלענע רייען,
און צעשראָקן געשטומט האָבן פּאַלעצן און קלויסטער.

טראַמפּ. טראָט!
טופּען אָפּ אין סוינעס קאָפּ די טריט
פון אָנקומענדיקע באָלשעוויקעס.
עכאָט אָפּ אין סוינעס קאָפּ אונדזער ליד—
פון הונגעריקע לײַבער און הונגעריקע פּיקעס...
איז שווארץ דער סקווער און העל־צעשטראַלט.
זײַנען הונדערט־טויזנט זונען אופגעגאַנגען אין הונדערט־טויזנט קעפּ.
האָט הונגער גרויסע טפּיסעדיקע מאַכנעס הײַנט צעפּראַלט
צו שרײַבן איבער פענעמער און פענצטער מיט שטיינערדיקע קלעפּ.

שרײַען מיר. הונדערט טויזנט שרײַען,
און דריקן אײַערע לעבנס אין פויסטן פארשלאָסענע.
„מיר וועלן זיך באַפרײַען! באַפרײַען!
מיר שווערן
בא אונדזערע העלדן צעשאָסענע!”
שרײַען מיר. הונדערט טויזנט שרײַען,
מיט אויסגעשטרעקטע הענט צו רויט־צעבליטע מײַען,

און פון פענעמער האַרטע ווייעט אַ שטאָלענע קראַפּט! הונגער.
און אין אויגן הונגעריקע קינדער—הונגער־הונגער־הונגער.
וואַקסן כוואַליעס—וועלן אַזש ביז רויטקרעמל דערשלאָגן,
וואַקסן הונגעריקע מאַכנעס מיט צעשטורעמטע בלוטן.
שאַלן סיגנאַלן, קאַזאַקן יאָגן—
פאַרצאַמט די יאַמען פון צעשטורעמטע בלוטן.

ווערן אויגן—מעסערס. פײַער. הונגער.
הונגער—שאַרף ווי שווערד.
היי, צעהוליעט זיך, אונדזערע וויסטע טעג, ווי פײַערדיקע יונגען,
אַז פליִען זאָלן באַלד קאַזאַקן פון די פערד!
און רייען גייען, פאָנען פלאַקערן און ווייען.
הונדערט טויזנט פלאַמעדיקע פאָנען.
זײַנען מיר איין פאָן. מיליאָנען פאָנען.

האָט זיך סקווער צערוועט: ברויט אָדער טויט!
האָט סוינעס לעבנ אינ געווער געציטערט אינ צעטומלטע הענט:
אינ אויגנ — פײַער פונ הונגעריקע מעסערס העל־צעברענט,
צעבליט, ווי העק, איז הונגעריקער צאָרנ: שארפ אונ רויט.

צעשראָקענע לויפנ קאזאקנ פונ דונערדיקנ קאָל,
היי, יאטנ, העכער די פלאקאטנ איבער סוינעס זשאווער,
העיב דײַנ האנט, דײַנ ליכטיקע האנט, מײַנ ברודער־כאווער!
אונ פלוצים: ס'פײַפנ סירענעס, ס'וואָיעט פאָליציי,
איז גאנצער סקווער — איינ געשריי,
אונ ס'טריפט דאָס בלוט פונ רויטע יונגענ.
אינ ווידערקאָל: ליד פונ טויט. רויטארמייִשע טריט.
ליד פונ שניט. אונדזער רויטער שניט.
אינ כאיעשנ געוויאָי — געשריי פונ טויט.
נאָר שטארקער נאָכ פונ טויט — איז רויט.
שטייענ מויערנ צעמעסערטע פונ שארפע רייד,
ליגנ גאסנ מיט בלוט פארזייט,
אינ פלאקאטנ געוויקלט,
אפ צעפליקטע פאָנענ ברענענ די טריט —
ווי אפ יונגענ צוויט פונ פרילינגדיקע בונטנ,
ווי אפ יונגנ, יונגנ צוויט.

איז אויסגעקריצט דער רויטער טאָג
מיט צייכנס פונ פאָדקאָוועס —
אפ ווײַסער־שווארצער פאָנעם־הויט
ביזנ טויט פונ אײַער פאָנ — אונדזער פאָנ
עלאָ מעי, סטיוו קאטאָוועס.
גייענ געוונטע אויסגעדארטע יונגענ —
הארט אונ ביין,
שפארט דער הונגער פונ מאנטל־פאלבנ —
שטומ אונ הייס.

העי, סוינע, ס'איז רויטער טאָג —
א גלאָק
פונ רויטע ברומענדיקע טעג
העי, סוינע, עס צעוואקסנ זיך די מארטנ[1] ווי די מירטנ,
אונ רויס־באצירטע
וועלנ מיר נאָכ קומענ, קומענ, קומענ...

---

[1] דער כוידעש מארט איז אָנגענומענ ווי א רעוואָליוציאָנערער כוידעש: דאָס רויט רעוואָליוצ־יעס האָבנ זיך אָנגעהויבנ אינ מארט.

# לעניג

ניט קיינ שווארצע ליכט איצט ברענענ
אפ זײַנ יאָרצײַט,
גאנצע לענדער ברענענ
מיט פײַער־פלאמ פונ כאווער לעניג.

אינ סרייפע: מעזוזעס מיט איקאָנעס,
אונ אויסיעס אשיקע קראקענ ווי וואָראָנעס;
ביטערנ לעצטע נאָנעס [1]) פאר פאָנענ אפ קופאָלנ
אונ די קראָענ מאָלנ לעצטנ שווארצנ צירקל.

לעניג—

ס'ברענענ אינדיע, אונ מאדריד,
ס'ברענענ גאסנ פונ האוואנע אונ בערלינ
אונטער לענינס טריט,—
ניטאָ קיינ ליכט העלעכער אונ שענער
צו יאָרצײַט פונ כאווער לעניג.

פונ דזשאָרדזשיאָ ביז נאנטשאנ [2])
פלאטערט נעגער־האנט, צי קולי־האנט;
ס'האָט זיכ קולי הײַנט געשטעלט
אפ שארפנ פונ ראנד;
ס'איז פונ קולי־בלוט די יאנגטזע [3]) רויט
אונ אפ וואסערנ פונ גאנג [4])
שווימט ארומ דער טויט.
זינגענ יאנגטזע־כוואליעס אונ פאליעס פונ גאנג
מיט א רויט געזאנג.
אונ שטראָמענ שוועסטערדיק צוזאמענ
צו לעניג־לאנד.

ס'זײַנענ אופגעגאנגענ וואונדער העלע
אפ קירגיזנ, קאלמיקנ, באשקירנ—
זײַנענ טריט פונ נאצמינענ הייסע אונ שנעלע
צו לעניגישע שוועלנ,
צו פײַער פונ פירער.

---

[1]) נאָנעס—מאָנאשקעס. [2]) נאנטשאנ—א שטאָט אינ כינע. [3]) יאנגטזע—א טײַכ אינ כינע. [4]) גאנג—א טײַכ אינ אינדיע.

ברענט לעגינס ליכט אין בלוט פון מיליאָנען,
און זײַן נאָמען העלט אף פּאָנעם פון וועלט,
און טרײַבט
די ראָד אין שטאָט און פעלד,
און צינדט
אף ווײַטסטע דערפלעך פײַער־פאָנעני

לענינ—

ס'האָט הייסער אָטעם פון אָקטיאבער
שווארצע ליכט פארלאָשן,—
דוירעס נאָך דוירעס וועלן ברענען
מיט פײַער־פלאַם פון כאווער לענינ!

---

# מוישע נאדיר (ייִצכאָק רייז)

געבאָרן אינ 1885 יאָר אינ מיזרעכ־גאליציע. זײַנ פאָטער איז געווענ א הענדלער, נאָכדעם — א לערער. אינ 1899 אריבערגעפאָרנ קיינ אמעריקע. ביז 16 יאָר געלערנט אינ ענגלישע (אמעריקאנער) שולנ. פונ 1902 — געדרוקט אינ פארשיידענע צײַ-טונגענ, זשורנאלנ א. א. וו. לידער, דערציילונגענ, דראמאטישע ווערק א. א. ח. א בארימטער דיכטער אונ פעליעטאָניסט-סאטיריקער. שוינ א לענגערע צײַט א שטענדיקער מיטארבעטער פונ דער קאָמוניסטישער פרעסע: „מאָרגנ־פרײַהײַט". מיטגליד פונ „פראָלעטפענ", אינ יונ 1928 באזוכט דעמ סאָוועטנפארבאנד.

## דריטער פעריאָד

כ'האָב אָפּגעשניטנ מיט דער נודנער בירגער־וועלט:
מיט הארטנ העמד אונ ווייכנ קרעסל,
א הויכע באריקאדע אופגעשטעלט
צווישנ מיר אונ דיכטער־באלעבעסל.

א בליצ האָט נאָענט פונ מיר דערלאנגט א קראַכ,
אנ אלטנ בוימ אינ צווייענ אופגעשפּאָלטנ.
האָב איכ געטאָנ א כליפּע אונ א לאַכ
אונ מער האָט שוינ מײַנ כאָכמע ניט געגאָלטנ.

... אוועק די צײַט פונ שיינגעקרויזטע ווערטער,
אוועק די צײַט פונ פראזנ ווי שיפּאָנ [1]
אפ א שטריק פונ שטעכעדיקע פלאקסנ —
צי איכ איצטער מײַנע ווערטער אָנ.

עס שמעקט ניט מער מײַנ ליד מיט מיידל (שענסטער),
נאָר טערפּקע איז עס ווי א ווילדע טרויב.
אָנשטאָט דורכ לאנגע הויכקאָלירטע פענצטער —
זע איכ איצט דאָס לעבנ דורכ א פראָסטער שויב.

מײַנע הענט פארקייטיקטע מיט ארבעט,
צעכראסטעט ברייט דער קאָלנער פונ מײַנ העמד,

[1] א שיפאָנ — א דינע דורכזיכטיקע שטאָף.

בײַנ איכ מער ניט צווישנ „יאָ" אונ „עפשער"
אינ דער רויטער אײַזנצוואנג פארקלעמט.

איצטער איז מײַנ וועג א גלײַכער ווי א ווירע,
אונ וואָס עס ווארט באָם סאָפ, דאָס ווייס איכ וויל—
אָדער דורכגעריסנ זיכ מיט ציינ אונ נעגל,
אָדער... א קויל.

## קוימענקערער

אונ דארפ מענ זײַנ א קוימענקערער—איז מענ!
וואָס איז די בושע, אונ וואָס איז דאָ ניט שיינ?
ווילסטו, אז ס'זאָל גיינ א פײַער, מוז מענ
זענ, אז אויכ דער רויכ זאָל האָבנ ווו צו גיינ!

אונ דארפ מענ זיכ די נאָז פארשמירנ—שמירט מענ
לאכנ קינדער, לאכט דער ראָשע, לאכט דער נאר;
נאָר דו, וואָס ווײַלסט א ווײַל אינ האלדז פונ סאזשע!
וועסט מיט העלנ פלאַם באלוינט ווערנ דערפאר.

## דעפּארטאציע [1]

אונדזערע פרויענ באדינענ אײַכ, קאָכנ פאר אײַכ, נייענ פאר אײַכ,
וואשנ פונ אײַכ די לײַז אראָפּ.
אונדזערע שוועסטער גיבנ אײַכ ברויט, קעדיי אײַכ צו ראטעווענ פונ טויט
אונדזערע ברידער אונ קינדער פוצנ אײַכ די שיכ, אונ וועבנ אײַכ געוואנט,
אונ פליקנ אײַכ פעדערנ, אונ שיילנ אײַכ פּאפּשויעס, אונ ברענגענ אײַכ
די צײַטונג צו דער שוועל.

אונדזערע טאטעס זײַנענ די אלטע דינער מיט ציטערדיקע הענט,
וואָס טראָגנ די טעפּ פונ אײַערע געזונטע טאטעס.
אונדזערע מאמעס וואשנ די פענצטער פונ אײַערע אָפּיסעס [2]
פוצנ ס'מעש פונ די שילדנ.

מיר אליינ האָרעווענ, ווי דער טאָג איז לאנג, ווי די נאכט איז גרויס,
מיר זעצנ אײַכ אליינ אפ אונדזערע פּלייצעס ארופ, אונ איר שרײַט,
אז עס איז שווער צו רײַסנ, ווײַל מיר זײַנענ מאָגער, מאָגער,
אפ אונדזער גופ שטייט געשריבנ מיט די הייסע זידל־ווערטער פונ אײַערע
בײַטשנ,

[1]) דעפּארטאציע — ארויסשיקונג, מעשאלייעכ זײַנ. [2]) אָפּיסעס — קאָנטאָרנ, קאנצע־
ליאריעס.

אז מיר זײַנען שקלאַפן, שקלאַפן.
אַפ אונדזערע נאַקנס האָט אײַער יאָך א גרוב געמאַכט,
אין די גריבלעך פון אונדזערע מולטער־באַקן שלומערט די שווינדזוכט.
איר האַלט זיך אַליין פאַר הויך, און אונדז — פאַר נידעריק,
איך באַדויער, וואָס איר דאַרפט זיך „מישנ" מיט אונדז.
איר מיִעסט זיך פון אונדזערע קויטיקע הענט, פון אונדזערע אײלבאַשמירטע
אָווועראָלעס [1],
וואָס גלאַנצן ווי מעטאַל.
איר באַדויערט, וואָס איר דאַרפט לעבן אין וועלט
אונטער הימל מיט אַזוינע נידעריקע ווי מיר...
איר רופט אונדז „די נידעריקע קלאַסן", דערפאַר וואָס איר שטייט אַפ אונדזערע אַקסלען
און שפּילט אַפ גאָלדענע פײַפעלעך,
איר קלאַפּט זיך בראַוואָ אַפּן ווײַסן זשילעט און זאָגט:
„אונדזער פאָטערלאַנד... אונדזער שטערן־געשטרײַכטע פאָן... אונדזער אַמעריקע"
אָבער מיט וואָס איז'ס „אײַער אַמעריקע" איר רויבערס, פּיראַטס, אַדוואָקאַטן,
ליידיקגייערס, ראַקעטירס? [2]
וויאַזוי איז עס אײַער „פאָטערלאַנד"? האָט אײַער פאָטער דאָ זײַן בלוט־און־שווייס
פאַרזייט?
האָט ער געאַקערט די ערד? געפלאַנצט א ווײַנגאָרטן?
געשפּונען לײַן, געניייט הויזן, געבאַקט ברויט? געבויט קאַנאַלן?
געלייגט דעם דאַך אַפ דער „קרײַזלעך־בילדונג? [3]
געצויגן די שטאָל־שטריק איבערן סקעלעט פון דער ברוקלין־ברידזש? [4]
געפאַרבט דעם אָפּיס אין „פּענסילוואַניא־באַנהויף"? געלייגט די ערשטע רערן
אינעם האָדסאָן־טונעל?
געגראָבן דעם פּאַנאַמאָ־קאַנאַל? געפירט אין דער בלאָז־לאָזעריי און פאָרדס־פאַבריק?
אײַער פאָטער, אַזוי ווי איר אַליין, האָט ניט געכאַפּט קיין פיש פונעם טײַך,
נאָר פון זײַן שאָכנס טעלער.

אײַער אור־פאָטער, אַזוי ווי איר אַלייג (און ווי אײַער פאָטער) האָט ניט געהאַט
גענוג מוט

צו וואַרפן זיך אַפ א לייב און אים דערהאַרגענען,
האָט ער געפונען א פאָרטל צו שניצן פײַלן און צו וואַרפן די פײַלן
אינעם האַרצן פונעם יעגער, וואָס האָט באַזיגט דעם לייב —
און אַפ אַזאַ אופן איז ער פון א שטילן פאַכדן געוואָרן א „העלדישער סאָלדאַט"
אײַער פאָטער, אַזוי ווי איר אַליין, האָט ליב געהאַט זײַן פאָטערלאַנד,
ווי א קאַניבאַל [5] האָט ליב דעם פעטן גאַסט, וואָס ער עסט אויף...

---

1) אָווועראָלעס — אַרבעט־קליידער. 2) ראַקעטירס — שאַנטאַזשיסטן, אויסנאַרער, שווינדלער. 3) קרײַזלעך־בילדונג — אַבאַרימטער הימל־קראַצער. 4) ברוקלין־ברידזש — ברוקלינער בריק: ברוקלין — א טייל פון ניו־יאָרק. 5) קאַניבאַל — מענטשן־פרעסער.

און איצט, אז מיר בוויערן זיך ווי פעלזן אריין אין אייער טויטן הימל,
און איצט, אז מיר צעבלאָזן אונדזער קראפט מיטן בלאָז־זאק פון העלדישן שטורעם,
און איצט, אז אונדזערע רוקנס זיינען פיילנבייגנס, און מיר גרייטן זיך
צום שפרונג אף אייך, קעדיי צו צערייסן די יאסלעס, וואָס פארצוקן אונדז —
איצט שרייט איר, אז מיר זיינען „פרעמדע", אז די ערד,
אז די ערד, וועלכע מיר האָבן פעט געמאכט מיט אונדזער שווייס און בלוט,
איז נישט אונדזער ערד,
אז דאָס לאנד, וואָס מיר האָבן פון א קראפיווע־וויסטעניש
געמאכט צו א בליִענדיקן וויינגאָרטן, איז נישט אונדזער לאנד:
אז די זון, וואָס מיר האָבן רויט געמאכט פון אונדזער בענקען, איז ניט אונדזער זון,
איר לאָזט אף אונדז אייערע לאנגע בלוט־הינט און העצט אונדז צום געלאָפּ
איבער שטיינער און דאָרנס,
איר פארזיגלט אונדז אין וואגאָנעס און שיקט אונדז „אהיים",
ווי עס ווארט אף אונדז: דעם גאלגנס[1] שטריק
דעם טאליענס ברייטע האק,
אָדער דער טפיסעס שטיינערנער זאק.
איר שיקט אונדז „אהיים" און די „סטעטש־אָוו־ליבערטי"[2] אייערע.
באגלייט אונדז מיטן צאָרן שמייכעלע פון פולער און טהעיער[3]
און באלייכט אונדז דעם וועג צו דער טליִע, צום גאלגן, צו דער טפיסע.
און די קוימענס פון שטיינערנעם באָוועל, וואָס מיר האָבן אָפּגעטורעמט פאר אייך. —
קנוילן שווארצע פאָכנע איבער דער שטאָט ניו־יאָרק,
וואָס פון דערווייטן זעט זי אויס ווי א שטאָט פון די העכסטע מאציייוועס און די
קלענסטע פּריצים,
און די יאם־פייגל רייסן קריִע מיט זייערע פּיסקלעך,
און סירענעס וויינען אף אונדז ארופ דעם געוויין פונעם געבונדענעם ריז,
וואָס בייסט די קייטן מיט די ציין.
און די שיף, אף וועלכער איר דעפארטירט אונדז, איז אונדזערע!
און טריוואקס פונעם זיגל, מיט וועלכן איר פארזיגלט די וואגאָנעס, איז אונדזערע!
און די קייטלעך, וואָס איר טוט אָן אונדזערע בראווע־לייט אף די הענט,
זיינען אונדזערע קייטלעך.
און די ערד, וועלכע האלט די אָקעאן־שיסל, אף וועלכער מיר טרייבן זיך קיין
„אויסלאנד",
אָט די גאנצע ערד איז אונדזערע, אונדזערע!
עי, אונדזער „פאָטערלאנד" איז גרויס, זייער גרויס.
און „זיס" גלויבט מיר כ׳לעבן, איז ניט צו שטארבן פאר קיין שום „פאָטערלאנד",
נאָר ביטער איז דאָס לעבן, וואָס איז ביטערער פון טויט.
קעגן אזא לעבן האָבן מיר דאָס הארץ געפאנצערט אין שטאָל און שטיין.

[1] גאלגנ — טאליענ, הענקער. [2] סטעטש־אָוו־ליבערטי — פרייהייט־סטאטוע. [3] פולער, טהעיער — נעמענ פונ אמעריקאנער מאכטהאָבער.

קעגן אזא לעבן הייבן מיר אונדזערע פויסטן אין הימל־געשריי,
מיט די קינבאקנס פון אונדזערע מאשינען שלאָגן מיר אײַך טויט!
מיט די קנאקנדיקע שײַטלעך האס, מיט די טרוקענע צאָרן־פּרוטעס אונדזערע
צעלייגן מיר א פײַער, וואָס פלאטערט, ווי א וועלט־ברייטע פאָן:
פלאטאטאטא, פלאטאטאטאטא.
מיר דעפּאָרטירן אײַך פון דער וועלט ארויס, וואָס איז אונדזער פאָטערלאנד,
מיר פארזיגלען אײַער גוירל מיטן בלוט פון אונדזערע אויסגעשטאָכענע אויגן,
מיר שרײַבן אײַער אורטייל מיט פלאמען פון נעקאָמע.
מיר שיקן אײַך אריבער אהין פונוואנען איר זײַט געקומען:
צו די שלאנגען אינעם הארץ פון דער מידבער!

# רויטער דאָנערשטיק

(26־טן מארט 1930)

ווי א פלאם, וואָס צונגט ארויס אינמיטן נאכט
פונעם הויכן קוימען פון א שטאָל־פאבריק,
אזוי האָט היינט דאָ אופגעפלאמט צום הימל,
הונדערט־טויזנט־קעפּיק — באָלשעוויק.

ס'איז הייס געווען דער רויטער דאָנערשטיק
אין יעדער גרויסער שטאָט, אין יעדן לאנד;
ער האלט אפּאָנעם ווינציק־וואָס פון גרענעצן
אָט דער ווילדער, היצנדיקער בראנד.

ס'איז רויט געווען אויך ניו־יאָרקס דאָנערשטיק;
און גוט פארפלעקט מיט אונדזער בלוט דעם סקווער.
ס'איז עמעס, אונדזער בלוט איז ניט קיין וואסערדיקס,
נאָר ווען מען דארפן, ווען מען ברענגען מער.

א ברענענדיקן סטעפּ ווען מיט ביקס ניט אויסלעשן,
און זיכער ניט מיט פײַערלעשערס שלויכן.
ניט מיט פײַער און ניט מיט וואסער קענסטו אײַנשטילן
די שטים פון הונגער אין א מענטשן־בויך.

„עי, גיט אונדז ברויט, עי, גיט אונדז ברויט!!!“
העלדזער שרײַען עס דורך שאַרסטקע פויסטן אויס.
ווי אין מיליטער — רויט־און — בלאָע מענטע [1])
מישן זיך דאָ מענטשן־בלוטן אויס.

[1]) מענטע — זעלנער, פּאָליציאנטן.

זע, פון אלע עקן שטאָט עס ציִען זיך פּראָלעטן,
הונגער ברויזט און הייבט די דארע הענט.
דער סקווער האָט נאָך קיינמאָל ניט געזען דאָ
אזוינע לעבעדיקע זידנדיקע ווענט.

דער טאָג איז נאָענט. נו, ענגט זיך ענגער,
נו, פעסטיקט פעסטער רויטע ריי נאָך ריי!
ניט דערטרינקען וועט מען פינעף רויטע יאמען
אין א לוזשע בלאָער פּאָליציי.

## אונטער דער ערד

(געווידמעט די קוילנשטרײַקערס)

אונטער דער ערד: „וווּ־וּ־וּ".
ווּ?
אונטער דער ערד,
העט אונטער דער ערד,
ווּ א קויל איז מיילעך,
ווּ טאָג איז בלינד,
דאָרט ברומט עס אצינד:

וווּ־וּ־וּ
ווּ?—
אונטער דער ערד.
העט אונטער דער ערד.

וואָס איז דאָרט גע־שע־ן?
עס שלאקסט דינאמיט,
עס האָגלט מיט בלײַ,
אין טיף, אין דער טיף
שיט פײַער זיך, שיט.

„וווּ־הוּ־הוּ־וּ"
ווּ?
אונטער דער ערד,
העט אונטער דער ערד,
וואָיעט מענטש, וואָיעט אייזל:
„וווּ־הווּ־וּ־אוּ".

ווּ?
אונטער דער ערד,
העט אונטער דער ערד—
דאָרט יערט עפּעס, יערט,
דאָרט ווערט עפּעס, ווערט,
העט אונטער דער ערד.

צי וויינט עס די ערד?
ניין. ס'וויינט ניט די ערד.
נאָר שטיינער מיט בערד
האָבן נאָך אווינס ניט געהערט!

ווּ־וּ־וּ־וּ
ווּ?
אונטער דער ערד,
העט אונטער דער ערד.

די שאכטעס אין פלאַמען
זיך קומען צוזאַמען
און קוילעס פארדעמפט:
אוהו־אוהו־ר־ו"!
ווּהו־הו־הר־הו"!

ווּ?
אונטער דער ערד,
העט אונטער דער ערד
איז אלץ שוין פארצערט
דאָרט אונטער דער ערד?
ניין. פון קויליקן טויט
שלאָגט רויִק דאָס רויט,
זיגט רויט איבער טויט,
ברויט, ברויט, ברויט, ברויט,
רויט, רויט, רויט.

"ווּ־וּ־וּ־וּ־וּ"
ווּ?
אונטער דער ערד,
העט אונטער דער ערד.

# געזאָטלט

װער רײַט עס מיט זאָטל און זאַק
דורכ װינטיקנ װאלד און דורכ קשאַק [1]
װער קליגט מיט פּידקאָװעטע פּיס אפ דער בריק?
ס'איז איכ,
באָלשעװיק!

... פונװאַנענ דאָס פײַער װײעט?
פונװאַנענ דער רױטלעכער פּאַס?
די נאָזלעכער שפּירנ רױכ און סמאָלעניש,
די נאָזלעכער פונ צײַטניקע קריגסלײַט ציטערנ,
מיט אנונג פונ פלאַם

מיט רײַטנ מיט זאָטל און זאַק.
דורכ זומפּ און דורכ קשאַק [1]
מיר שלאָגנ מיט פונקענ, װי פינקלדיק גליק,
מיר זײַנען א גײענדיק בריק.
מיט זאַק און מיט זאָטל און פערד,
מיט ביקס און מיט בוכ און מיט שװערד.

מיר גײענ אינ רעגנ פונ פונקען,
מיר דונערנ העלע הוראַען
דער װעלט אנטקעגנ,
דעם אינדערפרי אנטקעגנ.

מיר האָבנ קײנ מוירע ניט,
אונדז שרעקט קײנ געװיטער ניט!
עס איז איכ, מיטנ שװערד אפנ פערד,
װאָס װעט ברענגענ דעם פרידנ אפ דר'ערד!

מיר רײַטנ מיט זאָטל און זאַק
דורכ װינטיקנ װאלד און דורכ קשאַק.
עפנט אוף, עפנט אוף, עפנט אוף—
דעם טױער פונ פריצישנ הױף!
עפנט אוף, װער ס'איז גײַציק נאָכ גליק,
עס איז איכ, עס איז איכ, באָלשעװיק!

---

1) קשאַק — קוסט.

# ראָזעווע טאטעס, ווייצענע מאמעס
# און קאָרענע קינדער

1

וואָס ווילן מיר?
און וואָס איז אונדזער
שטרעבן?
מיר שטרעבן?
בא וועלט
און בא לעבן
צו זײַן דאָס ליכט
און דאָס וווּנדער.
מיר—
ראָזעווע טאטעס,
ווייצענע מאמעס
און קאָרענע קינדער—
מיר האלטן ניט
פון „איידעלע טענער",
און פארכעס זאָלן וויגן
מיט גאָלדענע פענער!
מיר ווילן ניט קיין לו־לו־ליד,
וואָס צערטלט אײַן
באַם געמויזעכץ און לעוואָנע־שײַן.
מיר שטרעבן דערלעבן—
פארלענדן
די הארן און שינדער;
מיר שטרעבן צו מאכן
איין גרויסע מישפּאָכע
פון
ראָזעווע טאטעס,
ווייצענע מאמעס
און קאָרענע קינדער.

2

מיר בלישטשען גישט
מיט שפּאָגל נײַע פראזן
פײַן און רונדיק,
אונדזער וואָרט איז בלוטיק,

אונדזער וואָרט איז
ווונדיק,
לאָזונגען—
צעפלאַכט אַף צענדליק טויזנט מײַלן.
וועלט איז לעבעדיקער גוף;
צעשפּאָלט אים נישט
אַף טיילן!
נישט איך,
נישט דו, נאָר מיר,
די גאַנצע האָרעפּאַשנע
מענטשנמאַסע
מיט פּאָנעם צו דער נויט
און צו די גאַסן:
מיר צינדן אָן די וועלט—
מיר זײַנען שטאָרעם־צינדער
מיר—
ראָזעווע טאַטעס,
ווייצענע מאַמעס
און קאָרענע קינדער.

## פּלויטן

אַז דווירעס האָבן געבויט פּלויטן—
טאָ ווער האָט געזאָלט בויען גערטנער?
פּלויטן פון שטיין און פון דאָרן,
פּלויטן פון פאַכעד און צאָרן,
און קיין גערטנער האָט מען נישט געבויט.

אַרום יעדן פאָלק—אַ פּלויט,
אַרום יעדן האַרץ—אַ פּלויט,
אַרום יעדער שפּראַך—אַ פּלויט,
באַוואַקסן מיט מאָך און מיט טויט—
און ווען האָט מען געזאָלט בויען ברויט?

הער מיך אויס, דו פּלויטן־בויער
און צעוואַרף דײַנע פּלויטן.
אַ מענטש מיט אַ מענטש איז ניט פרעמד,
איז גיב איך דיר קאָרענע ברויטן,

איז ניי שוין מיר אופעט א העמד—
א האנט מיט א האנט קער זיך אָן,
א ברודער, פון אייביקמאָל אָן!

דאָס איז קלאָר, ווי ס׳וואסער אין טײַך:
א פלויט איז פאר דעם, וואָס איז רײַך.
פאר אונדז—עי, פאר מיר און פאר דיר,
פארמאכט איז אין פלויט יעדער טיר,
די טיר, וואָס דו פלעכסט זי אליין,
און לאָזט זיך אליין ניט ארײַן!...

# דערלאנג אהער די וועלט, בורזשוי!

(פראגמענטן פון דער פּאָעמע)

האקלאל, עס גייט בלויז אין איין קליניקײַט, בורזשוי:
מיר ווילן קריגן די וועלט!
דו האָסט דאָך זי בא אונדז אוועקגעלאקכנט פון דער האנט:
אזא גוטע, אזא גרויסע, אזא ווילע וועלט.
געשלעפט זי און געשלעפט אפ טרעפ און טרעפ און טרעפ
ארופ, ארופ, העכער, העכער, העכער צו דער זון ארופ.
... און אפ דער העכסטער טרעפ פון גאָלד און בלוט
שטיין געבליבן א מינוט, אָפמעסטן די הייכקײַט פון דעם לאנגן גאנג.
ערשט די וועלט הייבט אָן צו ציטערן, און פאלן טרעפ אראָפּ,
אראָפּ, אראָפּ, אראָפּ, ווי עס פאלט אין גילאָטין־שעפל א קאָפּ
א האָרדע פלינצערער [1]), שענדער און גאנאָווים
שטייען דאָ מיט ברעכשטענגן און מיט קסאָווים־הייליקע פון פארמעט.
מע שטופט די וועלט אראָפּ, מ׳פּרעפּלט און מ׳ליארעמט.
מע ציילעמט זיך, מע זינגט טילים און מע קושט טאלייסים.
אין נאָמען פון די פוילע ביינער פון פארפוילטע מייסים,
קײַקלען זיי די גאָלד־באשמירטע, בלוט־באגלאנצטע וועלט קריק צו דנאָ!
עי, בורזשוי!
וואָס־זשע טוסטו קײַקלען בארג אראָפּ די וועלט,
די וווּנדער שיינע, ווונדער רויטע וועלט—
ווי א ראָד טוט קײַקלען צווישן זײַנע פיס א געגאנוועט איי?
שטעק אָפּ דאָס גאָלדן איי, דו פעטער שטשור, אניט איז גרייט מײַן ביקס.
איך ציל און טרעף דיך גלײַך אין פּרעפּלדיקן פּיסק!

[1]) א האָרדע פלינצערער — באנדע רויבער.

... עי, וואָס ליגסטו אַף דער וועלט, בורזשוי, מיט אַלע פיר? און מי
די מויערערס און די בויערס און די שאַפערס פון דער וועלט, פאַר אונד
איז דאָך פאַרשטעלט: די ערד, דער הימל און די זון. מיר גייען אום
אין שליים און פינצטערניש און זוכן אום די וועלט
פּאַקליעס פּעס געצונד
און די ווונדן אונדזערע פלאַקערן און רייסן רויטס דורך גרוי.
ווי די שלאַנג, דער עקדעש, ביסטו שעדלעך שלוי, בורזשוי:
עי, שטעקט אַף די וועלט, איר ריטער פון דעם ציילעם, יאַרמלקע
און שווערד

גיט אונדז אַף די ערד, די גאַנצע ערד!
די זאַפטיק־זיסע, ווילע גוטע ערד!
מיט מאַנדלען און קאַרטאָפליעס,
מיט פּעטרישקע און פלוימען,
מיט לאַקריץ און מיט קאָסעס
מיט וואָלשטאָפּ און מיט פעפער,
מיט ביר און בוימל,
מיט מאַלינעס און ציגן,
... מיט זאַלץ און האָלץ, וואַרניטשקעס און ביכער,
... באַרן, פערד און אייזנבאַנען;
געביידעס הויכע, הויכע, הויכע, העכסטע.
מילן, מילן, מילן מאַלנדיקע,
מאַשינען, טורבינען, מינען־גאָלד און קוילן־זילבער, ניקל־מינען.
.. אָט אזוי, אזוי:
גיב אהער די וועלט, בורזשוי!

. . . . . . . . . .

... עך, בורזשוי. דו קליעק!
עס האָט זיך דיר די וועלט (פון שרעק)
געשטעלט אזש פּאַפּערעק.
איצט ביסטו ברוינ און בלאָ... און ראָזעווע. שפּיי אויס,
שפּיי אויס דאָס פעטע וועלטל, דו, בורזשוי!
מיר שלאָגן דיך מיט שווערד אַף נאַקן אָט אזוי:
בויג איין דעם קאָפּ אראָפּ, אראָפּ—גיב אָפּ,
ברעך אָפּ, ברעך אויס! מיר וועלן שוין מיסטאַמ
מיט שווערד און פלאַם זי רייניקן פון שמוץ און סאַמ!

איי האָסטו פאַרקאָכט א קאַשע, דו בורזשוי,
א קאַשע שוואַרץ, און געל, און קלעפּנדיק, און רוי,
אויסגעקאָכט א מין געקעכץ פון בליי און בלוט,
פון בלוט מיט זונ, פון ניס מיט טשועקעס,

פון גאָלד מיט גאַל, פון קרעצ מיט אינגבער, פון יויך מיט פינגער.
עי, בורזשוי!
גיב אָפּ די וועלט און טײַנע נישט.
זי איז דײַנע נישט!

. . . . . . . . . . . . . . . . .

... און צײַט שוין, אז דער מענטש זאָל קלוג זײַן ווי זײַן צײַט.
פון מיר צו דיר איז נעענטער ווי ווײַט.
עס שטייען שוין די מאכנעס מײַנע אָנגעגרייט,
אָנגעזאָטלט, אָנגעגורט, אָנגעפּאנצערט מײַנע מאכנעס רויטע האָרדעס
סקריפּען—סקריפּעט שוין דער לעדער פון די זאָטלען, דאָס וואָרט איז
שוין געגעבן, לעססטער האָרדעס, רײַסט די געטער פון די הימלען אַלע.
גאָטס זון, גאָטס קאַלע, גאָטס מוטער און גאָטס פּאָטער.
שטעכ אויס, דו באָלשעוויק, דעם בלאָען הימל־בלאָטער.
העלער, העלער, צינד דײַן פאקל, באָלשעוויק! צום לעצטן קריג,
צום גרויסן זיג! מאכ קלאָר אין שײַן פון א רויטן פּראָזשעקטער, אז נאָר
פּאראנען: ארבעטער און מענטשן. מיר טיילן נים לויטן אלטן סקארב
דעם מענטשן־מין אפּ רויטער, געלער, בלאָער, ווײַסער פארב.
מיר טיילן בלויז אפּ הענט מאָזאָליקע און הענט געכאָליעטע.
מיר טיילן בלויז די וועלט אפּ שאפער און פארדארבער. הארבער
וועט עס גיין פון הײַנטמאָל אָן מיט די, וואָס מאכן אונדז פאר הונגער
שטארבן—
טויט אָדער רויט!
רויט אָדער טויט!

— — — — — — — — — — — — — — —

די וועלט אהער, דו רויבער פון מײַן וועלט!
דו זשוק אין ווײַסן שניפּס, אין לאַק־שיך און קאַלאָשן—
דײַן לאָשן איז דאָך אויך לאַקירט אזוי, בורזשוי.
זשוק אין שאבעסדיקן שלאָפראָק, נעם הוט און שטאָק
און זײַ זשע מויכל טראָג דיך אָפּ. דאנק אָפּ, צי אָפּ.
די שווארצ־לאַקירטע פּראָפּאגאנדע פון דײַן באנדע
איז אויסגעשפּילט, קאפּוט—הויך און נאריש ווי דער גלאנצ פון דײַן
צילינדער־הוט

גאָט, גאָלגאָט, מעקא[1] ציען[2] מיצוועס און אווײרעס. נו, ווער איז עס דאָרט
דער „הײליקער" וואָס פאָרפלט זיך מיט הינער־פּיס אין הארצן פון דער וועלט,
זוכט גאָלד און געלט?

[1]) מעקא — א שטאָט אין קלײן־אזיע. הײליקער צענטער פון די מוסולמענער. [2]) ציען — פּאלעסטינע.

מיט ווערטעלעך, אזוינע פײַנקאַלירטע קרייצשטעך,
טוט ער שטריקן דיר אזוינע העפטערײַען אינעם מויעך:
— דאָס לעבן איז ניט מער ווי רויך.
די צײַט מערקט אָפּ די צײַט, ווי לעש־פּאַפּיר מעקט אָפּ א קלעק, א פּלעק
איז בלויז דאָס קליינע לעבן אפּ דעם בריטסן לאַנדטוך פונעם טויט.
נישט ברויט, נישט שיך, נאָר עפּעס א „מאָשיִעך",
... פארלאָז דיך, מאכט ער, אפּן הימל וועט דיר גאָרנישט פעלן,
גאָט און פּאַפּ און קעניג — די דרײַ־איינקײַט — האָבן אָנגעגרייט דאָס
שאבעס־אויבס
פון אייביק לעבן, פאר אײַך אלע, אפּן הימל. וועסט קנאַקן ניס
און זיס וועט שמייכלען דיר צו דײַנע פיס מאמזעל־לאַ־שכינע [1]
מיט פלעדערפיש און שײַטעלע און טכינע.
נישט סטרײַק, נישט פּיקעס. דו לאָז זיך נאָר דינגען,
מעג פאר דיר שוין א גאנײדן־שטול געפינען.
א צעבער פול מיט שטערן גיט מען דיר אין אויסטויש פאר דײַן בלוט,
שווייס און טרערן...
... עך, בורזשוי! עס שטיים די זאך אזוי:
וואָס מיר הימל־שימל־דרימל?
וואָס מיר... שוועלן פון יואוועלן?
... אין אלע לענדער זיצן זיי די שענדער פון דער וועלט און טראכטן בײַקעס,
אזוינע שיינע בײַקעס, וואָס העלפן ווי א נאקעטן אין פראָסט עס העלפן שלייקעס.
רויבן זיי, גלויבן זיי, אז זיי וועלן אייביק, אייביק שוין אזוי טאָן רויבן,
רויבן, רויבן, רויבן, רויבן.
גלויב מיר — מיט דעם גלויבן פון גרינער פעלדער־זון אפּ מאָרגן־שויבן.
אז נעמען, כאווער, נעמען גאָר אינגיכן וועלן מיר
די גאנצע וועלט און אלעס וואָס אפּ איר.

---

... יאָ, יאָ, בורזשוי.
פאר דיר עס שטייט דאָ איצט פּראָ־לע־טא־רי־אַט!
אראָפּ דאָס היטל, בויג דיך, גיב אָפּ טשעסט! ניט פארגעס,
אז איך בין דאָס דער גלאַוונער באלעבאָס פון דער ערד.
... און ווער עס גלויבט ניט, דער וועט עס גלויבן!
נאָך א טאָג און צוויי. אָ, זע,
עס נענטערט זיך דער טאָג, מיר גייען אים אנטקעגן
(צעשמעטערט ליגט דער קרוג פון לוג [2]) אין טויזנט — טויזנט סשערבן)
אפּ אלע וועגן ציִען מאכנעס, מאכנעס, מאכנעס... טראָגן האמערס, טראָגן סערפּן;

---

[1]) לוג — כיטרעקײַט, שווינדל. [2]) מאמזעל־לאַ־שכינע — שכינע — גאָט (איראָניש); מאמזעל — פרײַלן.

שלאנקע שפאנערס, טראָגנ פאָנענ רויטע, אופגעשפאַנטע שטיקער פײַער
אונ רופנ רופט דער אויסשרײַער דער נײַער:
„רויט אָדער טויט,
טויט אָדער רויט!
ברויט, ברויט, ברויט!

— — — — — — — — — — — — — — —

... די געטער דײַנע האָבנ דיך פארלאָזנ. די געלע האָזנ, געלע פיקסנ
ציטערנ פאר באָלשעוויקעס הייסע פענ אונ שווערד אונ ביקסנ,
גיב אָפּ די ערד!!!
גיב אונדז אָפּ די גאנצע, גאגצע, גאנצע ערד!
אָס אזוי, אזוי—אזוי!
דו שעמ דיך נישט אונ ברענג אהער וואָס מער, וואָס מער,
ברענג אָפּ דאָס אָנגערויבטע גאָלד, דאָס ברויט. די נויט
וועט בײַטשנ לאָזנ סווישטשענ אפּ דײַנ רוקנ. וועסט קוקנ
צו די געטער דײַנע אונ זיך וואונדערנ וואָס זיי קומענ
דיר דײַנ וואונד נישט לינדערנ. צילינדערנ
פוסטע, הויכע, וועט דײַנ קאָפּ שוינ מער אפּ זיך נישט שלעפּנ,
נאָר לאסט פונ ברויט, לאסט פונ נויט, לאסט פונ לעבנ.
אונ אונטערטרײַבנ וועט דיך אָ, בורזשוי,
דער „אָכ״ אונ „אוי״ פונ אייגנ מויל פארברענט,
פונ ליפּנ הײס אונ טרוקנ אונ געשפּאָלטנ
מיט באָבריקעס אינ דײַנ אומגעקעמטנ קאָלטנ,
יאָ, אזוי, אזוי,
פיאווקע דו, בורזשוי!
דו טויטע צווײַג אפּ גרינעמ בוימ,
דו מאמענדיקער זומפּנ־שליימ—
לאנג גענוג האָסטו פונ אונדז געמאכט געגאר,
איצטער איז דער באָלשעוויק דער האר,
איצטער איז „דײַנ״ פערד—מײַנ פערד, „דײַנ״ ערד—מײַנ ערד.
אונדזער אלעמס ערד. אזוי באשערט
אפּאָנעמ. יאָ, בלוט אונ טרערנ גאנצע ריקעס
ווישנ אויס מיט הייסע פאָנענ—הייסע באָלשעוויקעס.
אונ וועלט בלײַבט וועלט. ס׳איז שטענדיק דאָך אזוי.
ווענענ פעלכסטו אויס, דו ווילדפלייש, דו בורזשוי?
ווענענ פעלסטו אויס, אונ ווער זשע פרעגט זיך נאָך—
נאָך אלטע שטיקלעך בלעך אינ הויפנ בראָך?
די וועלט—מײַנ וועלט. די זונ—אפּ אונדזער זײַט.
די ערד פונ שווארצנ הייעריק באפרײַט,
בליט נײַ אונ בליט פריש אונ גיט ארויס די רויטע רויז.

דער ווייַנטרויב זים מיט טוי
בליט אף דייַן קויווער, אָ, בורזשוי!
— — — — — — — — — — — — — — — —

— ווער קען אָנצינדן די זון?
— מיר די אָנגעצונדענע.
— ווער קען אופהענגען די זון אין הימל?
— מיר די הויכע, די געהאנגענע.
— ווען קען בענקען נאָך דער זון ביז שטארבן?
— מיר, וואָס שטארבן קיינמאָל נישט.
און איצטער איז זי דאָ, אין א גוטער שאָ,
— — — — — — — — — — — — — — — —

... די וועלט איז אויסגעקערט מיט יונג־בעזעם
פון יונגוואלד. פון בעזעם שמעקט מיט וואלד. די אויסגעקערטע וועלט
איז נייַ, און פריש, און יונג, און אלט, און שיין, און ריין.
דער שענסטער טאָג אין וואָך איז יעדער טאָג אין וואָך.
אמאָל—אמאָל עס איז די וועלט געווען בלויז א מין האָטעל:
אָנגערויכערט, אָנגעשפיגן, ביז דער שוועל, און זייַ געזונט.
איצטער איז די וועלט
א היים—מיט שפיגלען אינעם קאָרידאָר,
און יעדער האלט זייַן פירהויז ריין, זייַן פענצטער קלאָר.
און יעדער איינער שאפט. מיט גוף, צי גייַסט. מע רייַסט
נישט מער באצירונגען פון ווענט—
אף אָפצווישן זיך די הענט.
יאָנטעוו אף דער וועלט, אונדזער וועלט, אינגאנצן אונדזערע,
אונדזערע צום ווינען און צום וואנדערן,
אונדזערע פון איין ברעג צו דעם אנדערן.
שויבן, שויבן... שויבן שייַנען.
אָנגעפרייט דאָס הארץ פון וועלט, וועט עס מער נישט טייַנען.
טויבן, רויטע טויבן!
שויבן, העלע שויבן!
באם לאנגן טיש באגלאנצט מיט ציטער־זון זיצן מיר צוזאמען
אינגאנצן איין מישפאָכע, פון אלע פארבן, אלע שטאמען.
זעט, ווי ליכטיק אלע אויגן פלאמען, מיט דער ברידערונג פון ברידער
הערט דאָס פיל־קאָלירטע זינגעוודיקע שפראך, שפראך־געוודער!
— ברידער, שוועסטער מייַנע... שוועסטער, ברידער! ברי־דער!
סאלוט, אייַך, רויטע טויבן!
סאלוט, אייַך, פלאמענדיקע שויבן!
סאלוט, דיר נייַע וועלט פון רויטן שטערן!
סאלוט, דיר, קאָמינטערן!

סאלוט, דעם געפאלענעם העלד!
סאלוט, די אלט נײַע וועלט!
סאלוט, פאבריק און פעלד!
סאלוט, קוימענס און טורבינען,
סאלוט אײַך, גלאנציקע מאשינען,
סאלוט אײַך, שטאָלענע באפרײַער,
סאלוט אײַך, איר אלע פײַער־שפּײַער
מאשינ־ביקס, רעוואָלווער און קאנאָן,
איר באשיצער פון דער רויטער פאָן!
סאלוט, דיר, אונדזער האָרעפּאשנער הערב: האמער־סערפּ!
סאלוט אײַך, ווײַנפּערלעך און פולע קערב!
קוקט אָן: אָט זײַנען דאָרטן
פרוכטן פון אונדזער אייגענעם גאָרטן:
מענטשנ־ראסן, פעלקער, פילפארביקער בוקעט—
איינ גרויסער אינטערנאציאָנאלער קראנץ פון אלוועלטלעכן סאָוועט!
אראָפּ דעם הוט: סאלוט! הייס געקושט די ערד זאָל ווערן,
וואָס ציטערט מיט דעם פלאם פון רויטן שטערן!

# די רויטע שוועע

מיר בײַלן די פויסטן און שווערן
בא אײַזן, בא ברויט און בא בלוט,
אז בערג זאָלן קניִען און הערן
דעם אײַזנ־ אונ־ דעם־ פײַער־ מארשרוט.

מיר שווערן בא קוימענס מיט פײַער,
מיר שווערן בא אײַזערנער רויז,
אז צאָלן פאר בלוט וועלן טײַער
די וועכטער פון גאָלדענעם הויז.

מיר שווערן בא לעבנס געפּײַניקט,
בא זונ, וואָס איז בלוטיקער טשערעפּ—
אז שטארבן איז ביטערער טײַנעג
פאר האמער און שטערן און סערפּ

מיר שווערן בא שטאָל און בא טוווע,
מיר שווערן בא פלאמיקער פאָן;
מיר שווערן די ארבעטער־שוווע
צו נעמען אנ אויג פאר א צאָן.

ווער ס'הײלט דיר מיט קושן די װוּנדן
און קוּטיקט דײַן בלוּט מיט געװײן;
מיר שקראָבען דײַן יאטר פון װוּנדן
מיט פײַער, מיט שטאָל און מיט שטײן.

שטײט אוּף! עס איז אוּנדזוערס די שטוּנדע,
עס איז אוּנדזוערס דער טאָג און די ערד.
וואָס טיפער דאָס קלינג אין די װוּנדן,
אלץ הארטער די האנט אף דער שווערד.

די זון אין א טײַערן פוּטער
פון כמארעס זיך צירט און שטאָלצירט זיך;
די זון—אוּא ביטערע מוּטער
צו יעדן, וואָס הוּנגערט און פרירט.

מיר גרײטן דעם מעשענעם האָגל;
מיר בוּיען די שטוּרעמס אין טאָל;
מיר גיסן די צײַט אין א לאָגל
פון פײַער און שטערן און שטאָל.

אָן מירטן, אָן גאָלדענע צוּיטן [1]
נאָר אײַזן צו אײַזן געװוּנדעט!
מיר װעלן די יאמען צעבוּיטן
מיט קרוּמע, מיט נאקעטע הענט.

עס זשאװערט די האק און אָפּצװוּנגען:
אין ריװ, װוּ עס דארט אוּנדזער ברויט;
מיר פלאצן פאנאנדער װי א דאמבע
אין אוּיסגוּס פון צאָרן און טויט.

מיט פלאם אינעם סוּינישן שטערן
דעם סוּינעס מארעך פארלעשט!
און בליקן און בלאנקן די טרערן—
דאָס הארץ איז פון אײַזן און מעש.

מיר זמַנען דאָס פאָלק און די פעלקער,
דאָס זאלץ פון דער ערד און די ערד;

[1]) צוּיטן — בּרעגן, עקן, אָדער פרענז.

מיט בלוט פון די הארן און הענקערס
מיר שטילן דעם דאָרשט פון דעם שווערד.

מיר בײַלן די פויסטן און שווערן
באם ערעוו און אָנהייב און סאָף,—
זיך אלע ווי באָרוועסע בערן
צו וועקן פון הינטישן שלאָף.

די שווערד איז צווייזײַטיק:
מיר ציִען אין קריג מיטן קריג;
די ליידיקע שייד מיר פארווארפן
ביזן טאָג פון דעם ענדלעכן זיג.

---

# יאָסל קאָנ

א יונגער פּראָלעטארישער שרײַבער. דרוקט זיך אינ דער אמעריקאנישער ייִד. קאָמ. פּרעסע. ניט זעלטנ אויכ אינ אונדזערע סאָוועטישע אויסגאבנ. אנ אקטי־ווער מיטגליד פונ „פּראָלעטפענ“. אינ 1931 באזוכט דעם סאָוועטנפארבאנד.

## 1905

איבער אונדז אזויפֿיל טויזנטער טעג צעשויבערטע, צעברעקלטע,
מיט אזעלכע שווינדלדיקע ווײַטקײַטנ אָפּגעטיילט.
איך ברענ דאָך נאָך איצטער אויס
פּארווילדעטע וועגנ דאָ
מיט דער איבערגעבליבענער פרישקײַט
פונ יאָר 1905.
אָ, וואָס פאר א באפעסטיקטנ גלויבנ
איר האָט עס אונטער מײַנ טראָט אויסגעפלאסטערט:
איך האָב דאָך נאָך ביז איצטער
ניט געלאָזט זיך אופּרעסנ
פונ צעפוילטנ גאָלד־מויל.
איבערנ צעפאטשטנ געלעכטער
טראָג איך מײַנ גלויבנ א גאנצנ
פונ ברעג צו ברעג.
אוזא צעלויכטענע זוניקײַט
האָט איר אינ די בלוטנ פארפלאנצט.
אוזא צעטאנצטע פרייד
האָט איר אינ די געמיטער אָנגעגאָסנ.
ניט דורכ ניסים האָט זיך
אָט די ליכטיקײַט איבער אלע ווײַטנ צעשפּרייט!
פונ אייגענעם צאָרנ אויסגעפלאצט,
מיט געשריי פונ גלידער צעריסענע,
איז פונ אייגענעם בלוט
אפּ פעטע פעלדער דער גלויבנ אויסגעוואָקסנ.
אונ מיט זיך האָב איך דאָך געבראכט צו דער ערד
אנ אָנגעלאָדענעם צאָרנ,

אנ אויסגעהאָדעוועטנ פונ די קרינקער [1] גארבארניעס.
אפ מײַנע אקסלענ טראָג איכ דאָכ נאָכ איצטער
דעם צעבליטנ לעבנ,
וואָס האָט דײַנ אָקטיאבער צוגעגרייט.

# מ׳דארפ ניט קיינ ארבעטער

1

אפ גאסנ ליגנ פארמאטערטע טריט
מיט ארויסגעשטעקטע צינגער—
הענגענ האָפענונגענ בא פאבריק־טירנ
ס׳האָט הונגער א פארשײַטער אפ גופים זיכ צעבליט,
אונ טראָט האָט א מידער זיכ אָפגעזאָגט צו פירנ.
שוינ לאנג, אז מ׳האָט מיט שטוביקע ווענט
אונ צעקרימטנ וויי זיכ געזעגנט.
אונ מיט געבעט זיכ ארויסגעלאָזט פארקויפנ די הענט
פאר יעדער פאבריק, וואָס מ׳האָט באגעגנט.

ס׳זײַנענ פאבריקנ אינ שטומקײַט געשטאנענ
מיט אופגעשוואָלענער כוצפע אפ שטערנ צעברענט,
איז עס טאקע עמעס, אז ס׳איז שוינ ניט פאראנענ
אנ עמעצער, וואָס זוכט צו קויפנ הענט?

2

וויפל זײַנענ מיר אצינדער?
אכט, וואָס האלטנ זיכ צוזאמענ
ס׳איז בא יעדנ דאָ א ווײַב מיט קינדער,
ס׳איז בא יעדנ דאָ א טאטע־מאמע.

אפ זיי אלעמענ הונגער לויערט,
ברעכט פארצווייפלונג זיכ דורכ שויבנ,
בא זיי אלעמענ די פענעמער פארטרויערט,
בא זיי אלעמענ אויסגעלאָשענער גלויבנ.

אינ שטיבער האָבנ זיי האָפענונג געלאָזט הענגענ
א דערשטאָכענע מיט אויסגערונענע בליקנ.

---

[1] קרינקי — א שטעטל אינ מײַרעװ־ווײַסרוסלאנד, פונ וואנענ עס שטאמט דער דיכטער.

וואָס זשע קאָנען מיר זיי ברענגען
פון פארשלאָסענע פאבריקן?—

פויסט געהאמערטן און שארפן,
אויסגעהאָדעוועטע סאמיקן צאָרן—
אָט וואָס מיר באדארפן
ברענגען צו זיי, ווי א ציל א קלאָרן!

3

ס'האָבן זיך ברידער גענומען קלייבן,
און ס'האָט איינער פון אונדז געפרעגט:
ווי לאנג זשע, ברידער, וועלן מיר שווייגן?
הונגער האָט באלד אונדזערע ביינער צעזעגט!

האָט זיך בא ברידער שטומקייט אופגעבונדן
און בא יעדן איינעם האָבן פויסטן געערדט,—
האָט צאָרן אָן אופגעשוואָלענער זיך אָנגעצונדן
און האָט זיך צעפלייצט איבער שטעט.

יעדער איינער האָט פלאמיקן וואָרט געטראָגן
צו ברידער, וואָס האָבן נאָך אין שטומקייט געוואַרט,
קיינער פון אונדז וויל שוין ניט מער אין פארלאָרנקייט קלאָגן.
אלע צוזאמען—דאָס איז אונדזער מאכט...

## דעמאָנסטראנטן

ווי ס'האָט נאָר פרימאָרגן פון שלאָף זיך אופגעריסן
און צעשויבערטן קאָפּ אָרויסגעשטעקט—
האָבן ברידער אין ווענט אין אייזערנע
גענומען זיך שליסן
און פארגענעצטע גאסן מיט פרייד באלעט.

הייַנט אין טאָג, ווען גרעסטער גלויבן
וועט פירן ברידער איבער גאסן פון וועלט;
האָבן זיך פון האלב פארשלאָפענע שויבן
נאָך ניט דערקענטע ברידער אין פארוווּנדערונג דערקענט.

וואָס זשע וווּנדערט איר זיך, ברידער!
ס'האָט ליכטיקער גלויבן אונדז אפ גאסן געבראַכט:
איז לאָזט איין פאַרשעמטקייט די הײַזער איבער,
ס'איז הײַנט א טאָג—פון ברידערלעכער מאכט...

עס טאָר קיינער הײַנט ניט בלײַבן פאַרשלאָסן,
ווען מיליאָנען האָבן אַלע מויכעס דערשטיקט:
ס'איז הײַנט א טאָג, ווען צאָרן האָט זיך אויסגעגאָסן,
און גלויביקער רוף איז איבער לענדער צעשיקט!

איז וואָס זשע ארט אונדז דעם סוינעס צאָרן,
דאָס צילט ער אין שרעק זײַנע לעצטע טעג.
אונדז האָט א ליכטיקער גלויבן געבאָרן,
אונדז קאָן ניט פאַרצוקן פוילע שרעק!

ס'זײַנען לענדער איינס געוואָרן
און אַלע ווײַטקייטן זײַנען אנטרונען!
דאָס טראָגן ברידער א ציל א קלאָרן
פון דוירעסדיקער פראצע אויסגעשפונען.

ס'זײַנען אָפּגעהיטשט געוואָרן יאמען
און אַלע ברידער האָבן זיך הענט געגעבן.
ס'ברענגט איין האָפענונג אונדז צוזאמען
און מיליאָנען מענטשן שמידט אופ איין לעבן.

ס'מעג דער סוינע זיך נאָך גרייטן
און אין לעצטער גסיסע אפ אונדז זיך וואַרפן;
מיר גייען זיכער קעגן אַלע טויטן
פרישע מאכנעס—דאָס איז דאָס, וואָס מיר באַדאַרפן.

# מיר, די קריגער

... קריגער, קריגער זײַנען מיר,
מיט מוט געפּלאַנצט אין יעדער דיר,
באַפעסטיקטן גלויבן האָבן מיר צעשטעלט
בא אַלע ראַנדן פון דער וועלט!

ס'ליגט דאָך שוין דערשטיקט דער קלאָג
אונטער טראָט פון נײַעם טאָג,
פרישט זיך מיט זון באַהעלט
אונדזער זאפטיק ברייטע פעלד!



7, די הײַנטצײַטיקע פּראָבלעם. יוד. דיכטונג אין אמעריקע.

קריגער, קומט נאָר גיך!
די שוואכע לאָזט אלײן מיט זיך!
ניט מיט אונדז קענען גײן
אָט די, װאָס כאָװען זיך אפ געװײן.

ס'איז באשטימט שױן אונדזער אָרט,
ברײט צעשפּרײט איז קלאָרער װאָרט;
אונדזער טאָג מיט שארפן מוט
איז אײַנגעװאקסן אין דער בלוט!

ניט מיר װײסן, װאָס איז צאר,
ניט געצאמט האָט אונדז געפאר.
איבער נעכטיקן געיעג
ליכטיקט אוף דער נײַער װעג.

קריגערס װײסן ניט פון רו,
מאכנעס פרישע קומען צו.
אויסגעהאמערט פון דער צײַט,
צוגעגרײט צום לעצטן שטרײַט.

קריגער, ס'רופט שױן דער טראָמפּײט!
זײַנען אלע קריגער גרײט?
ס'זײַנען געזאָטלט שױן די פערד
און מיר—אָנגעגורט מיט שארפן שװערד.

נו, צו װאָס געדרײטע רײד?
קריגער זײַנען שטענדיק גרײט!
קריגער פרישע קומען אָן!
אָ, אָ, ס'הײבט די לעצטע שלאכט זיך אָן!

# בורשטאָק ב. צ.

געבאָרנ אינ 1901 יאָר אינ קיִעווער גוב. אינ אמעריקע פונ 1911 יאָר. געשריבנ אינ דער יידישער אונ רוסישער קאָמוניסטישער פרעסע פונ אמעריקע קינדער־לידער אונ אנד. געשטאָרבנ אינ 1926 יאָר.

## ניט קיינ שטודירטער

איכ בינ ניט קיינ פאָרשער פונ שפראכנ.
כ'האָב קיינמאָל קימאט ניט געלערנט.
דערפאר פיל איכ בעסער פונ אלע
דעם פײַנ פונ זיכ גיסנדע טרערנ.

כ'האָב קיינמאָל אינ שאָענ פונ אָוונט
די קלאנגענ פונ באכ [1] ניט פארנומענ.
דערפאר איז מיר טײַער אונ נאָענט
דער ברום, וועלכער האָט גאָר קיינ נאָמענ.

כ'האָב קיינמאָל אינ יאָרנ פונ יוגנט
געטאנצט אפ קיינ פריילעכע בעלער.
דערפאר איז מײַנ פרייד אזוי נאָגנד,
דערפאר איז מײַנ אומעט א העלער.

## דער לעצטער

איכ בינ דער קעמפנדער באציל,
וואָס ווערט געבאָרנ צווישנ שמאטעס;
אפ קינדער וואקסנדע אָנ ציל
בא אָנפארגאָסעדיקע טאטעס.
. . . איכ בינ לעצטער קרעכצ פונ צײַט,
וואָס איז מיט פולווער־שרויט באלאָדנ,
איכ בינ די זונענדיקסטע ווײַט,
וואָס קלאפט אינ כווישעכדיקנ לאָדנ.

---

[1] באכ — פאַמיליע פונ א בארימטנ מוזיקער.

## ל. קריוויצקי

# סאקאָ-וואַנצעטי

צו וועמען זאָל איך איצטער מײַנע הענט אופהייבן?
צו וועמען זאָל איך איצטער בעטן אין מײַן פּײַן?
טויט איז דער ראכמאָנעס־גאָט, וואָס האָט געזאָלט זײַן אויבן,
טויט איז די גערעכטיקײַט, וואָס האָט געזאָלט דאָ זײַן.

ס'איז ניט דאָס אומשולדיק פארגאָסן בלוט, וואָס ברענט דעם מויעך:
ס'איז נים די לעבנס, וועלכע האָבן באצאָלט פאר אונדזער גליק,
נאָר ס'איז דער ווייטיקדיקער צאָרן אָפ דעם ריזן־קויעך,
וואָס ליגט א הילפלאָזער געבונדן אין א צעפלאָכטן שטריק.

ס'איז ניט די מארטירער אין דעם פרישן קייווער,
וואָס שטורעמט אוף דאָס הארץ און קאָכט אין אים דאָס בלוט און וידט;
עס איז דער צאָרנדיקער וויי, וואָס פילט אויס יעדן אייווער
אָפ דאָס, וואָס ס'האָט באדארפט זײַן און עס איז נאָך ניט.

ס'איז ניט די נאָר צוויי לעבנס אין דער העל פארזונקען,
אין דעם קאמף פאר פרײַהײַט, קעגן הערשערס קנוט;
נאָר ס'איז די זאטע רויִקײַט, וואָס האָט דעם קנעכט פארטרונקען,
וואָס בײַלט מײַן פויסט און בײַסט די ציין און ליפּ.

צו וועמען זאָל איך איצטער מײַנע הענט אופהייבן?
צו וועמען זאָל איך בעטן אין דער פינצטערער מינוט?
צו די, וואָס פּײַניקן, וואָס מאָרדן און וואָס רויבן,
אָדער צו די, וואָס האָבן פיל געדולט, נאָר ניט קיין מוט?

סאקאָ און וואַנצעטי! אײַער בלוט וועט שרײַען
און אופטרייסלען די הענקער, און אופוועקן די קנעכט.
ביז ס'וועט די וועלט פון אײַערע מערדער זיך באפרײַען,
ביז ס'וועט א פײַער אָנצינדן די פוסטע שווארצע נעכט!

---

# ל. גאָרעליק

געבאָרנ אינ 1889 אינ זשלאָבינ (וויַסרוסלאנד). 17 יאָר אלט אוועקגעפאָרנ קיינ אמעריקע. דרוקט זיכ פונ 1911 יאָר. די לעצטע יאָרנ—אנ אקטיווער מיטארבע־טער פונ דער קאָמוניסטישער פרעסע. מיטגליד פונ „פראָלעטפענ".

## צום סוינע

מיר ווייסנ, אז דו וועסט ניט שוויַגנ
אונ וועסט דיַנע דינער צעשיקנ,
זיי זאָלנ מיט שווערדנ אונ ביקסנ,
דעם פיַער אינ די קעמפער דערשטיקנ.

מיר ווייסנ: דו האָסט דיַנע שפיר־הינט,
צעשפרייט איבער לענדער אונ יאמענ,—
אונ ווו עס צינדט אָנ זיכ א פיַער
באלד נעמענ זיי לעשנ די פלאמענ.

דאָכ קענענ זיי שטענדיק ניט לעשנ,
ניט דערשטיקנ זיי קענענ דאָס ברומענ,
וואָס טראָגט זיכ אינ לופט מיט אנ אָנזאָג:
דער עמעסער פיַער וועט קומענ!

## צו א רעוואָליוציאָנערנ פירער

דיַנ האנט וועט צום קאמפ־רופ זיכ וויַזנ
הייכ איבער אקסלענ אונ קעפ;
דיַנ קאָל וועט אונדז מוטיקנ, שטארקנ,
צו קעמפנ מיט קלעפ קעגנ קלעפ.

דיַנ קאָל, וואָס צעווארעמט איצט הערצער,
פונ מוטלאָזע אָרעמע קנעכט,
צו שטעלנ זיכ קעגנ באדריקער
אונ פאָדערנ דאָס, וואָס גערעכט —

וועט אויך אין דעם טאָג זיך צעקלינגען
מיט פלאמיק־קעמפערישע רייד—
און צינדן די הערצער פון קעמפער,
צו גיין קעגן סוינע מיט פרייד.

## פון ניו-יאָרק ביז קאַליפאָרניע

פון ניו־יאָרק ביז קאַליפאָרניע
לאַכט די זון א גרויס געלעכטער
אף די פעלדער ברייטע,
ווײַטע און צעשפּרייטע:
מ׳וועט זייען,
עס וועט וואקסן
מ׳וועט שנײַדן,
און זיך פרייען:
אזא שעפע! אזא שעפע!
פאר וועמען?

פון ניו־יאָרק ביז קאַליפאָרניע
וואָגלען ווינטן,
פון די קעפ פון קאָלאָראדער בערג
רײַסן זיך די ווײַסע קרוינען,
בייזערן זיי זיך און וויינען;
קוקט נאָר אָן די ווײַט צעשפּרייטע
פעלדער!
קוקט נאָר אָן
די, וואָס זייען דאָרט און שנײַדן
מיטן שווייס פון זייער פּאָנעם—
פאר וועמען?

עס וועלן קומען טאָכרים,
ספּעקוליאנטן,
אלץ פאר זיך פארנעמען
בערג מיט טווועס אין די שפּײַכלערס האלטן!
אויב מע וועט באדארפן,
וועט מען דאָס אין רינשטאָק פארווארפן,—
נאָר די פּרײַזן אופצוהאלטן!

פלִיִען ווינטן דורך די קאַליפאָרנער וועלדער,
רײַסן די טשופּרינעס פון די אַלטע, דיקע בײמער.
זעט!
קוקט נאָר אָן א שעפע!
אויסגעשפּרייטע סעדער
שמעקן מיט ציטרינען,—
אַפּעלסינען,
האָניקפולע פײַגן, טייטלען, פלוימען, אַבריקאָסן.
ווער קאָן ציילן אַלע פּרוכטן?
בויגן, בויגן זיך די צווײַגן
שווערע צו דער ערד אַראָפּ.

שטייט דער אַלטער גרינער זיידע,
דער באַרג ווילסאָן [1] —
האַלט ער שטײַף און שטאָלץ
זײַן גרויסן גרינעם קאָפּ,
קוקט אַף אַלץ אַראָפּ
און שווײַגט...
זעט ער דאָרטן מאַכנעס מעקסיקאַנער,
יאַפּאָנעזער,
שפּאַניער און כינעזער,
באָרוועס, נאַקעט
אונטערן בײַטש פון זאַטע שוימרים [2]
קלײַבן פּרוכט און שלינגען שטויב,
אויסגעמישט מיט שוויס און טרערן.
אויסגעפּוצטע דזשענט־ספּעקוליאַנטן [3]
קוועלן אָן פון זייער שיינעם רויב,
שטשירען זיי מיט ציין,
ווי וועלף אַרום א סטאַדע שאָף.

און ווען די קאַליפאָרנער קילע נאַכט פאַלט צו,
און די פאַרהאָרעוועטע סטאַדעס
ציִען אין די בײַדלעך מידע גלידער אויס,
פרייען זיך די וועלף
טיף אין זייער פאַרפומירטן שלאָף:
מע וועט פירן קאַסטנס שמעקנדיקע פּרוכטן—
(ווער קען ציילן אַלע פּרוכטן?)

---

[1] באַרג ווילסאָן—א באַרימטער הויכער באַרג אין קאַליפאָרניע. [2] שוימרים—היטער.
[3] דזשענט־ספּעקוליאַנטן—אַריסטאָקראַטן־ספּעקוליאַנטן.

קיינ טשיקאגאָ,
קיינ ניו־יאָרק,
מ'וועט אָנפילנ די קראָמענ.
די שענסטע—
וועט מענ אינ די פענצטער ווײַזנ,
רייצנ אפעטיטנ.
ווײַבער וועלנ קויפנ, צאָלנ גוטע פרײַזנ,
אונ מיליאָנענ האָלאָדראנצעס
וועלנ שמעקנ, קלײַבנ אַפפאל, פוילע פרוכטנ
פאר די הונגעריקע קינדער.
בייזערנ זיכ ווינטנ:
אפ מעלאָנענ־פעלדער [1])
אפ די קאטנ־פעלדער [2]) פונ דער סאוט [3])
ברענענ נעגערס אונטער גליִענדיקער זונ,
זאמלענ קאטנ אונ מעלאָנענ.
שטייענ דזשענטל־לײַט אונ קוועלנ:
אזא שעפע—
פאר בלויבלוטיקע באראָנענ!
ווינטנ ווייענ,
גלעטנ גליִענדיקע נעגערס רוקנס.
ברענט אונ בראָט זיכ!
מ'וועט דערפאר באלוינענ:
צוליב אײַכ א גרויסנ יאָנטעוו מאכנ,
אײַכ אינמיטנ נאכט פונ שלאָפ אופוועקנ,
אײַער גופ—מיט פעכ אונ פעדערנ באדעקנ!
מ'וועט שמײַסנ!
מ'וועט לינטשנ!
אונ ווענ איר וועט זיכ האלב טויטע אפ די שטריקנ צאפלענ,
וועלנ די בלוי־בלוטיקע באראָנענ
שטיינ פונ ווײַטנ, לאכנ אונ זיכ האלטנ בא די זײַטנ!

או־ו־הו־ו־ו־ו!
שרײַענ ווינטנ אינ די אויערנ אונ הערצער,
פונ די מעקסיקאנער,
יאפאָנעזער, שפאניער, נעגער אונ כינעזער:
וואכט אופ!
הערט זיכ צו צו די שטימענ פונ דער נאָרד [4])

---

[1]) מעלאָנענ־פעלדער — פעלדער פונ דיניעס. [2]) קאטנ־פעלדער — בוימוואָל־פעלדער
[3]) סאוט — דאָרעם. [4]) נאָרד — צאָפנ.

איסט [1]) און מיטלוועסט [2])
פון ניו־יאָרק, טשיקאגאָ, מישיגען, אָהײַאָ, פּענסילוואַניע,
און פון גאַנצן לאַנד,
וווּ עס שטייען ליידיק די פאַבריקן,
שטרעקט מען אויס צו אײַך
א ברידערלעכע האַנט.
הייבט זיך אוף צום רוף פון מיליאָנען!
הונגעריקע אָט אַזוי ווי איר,
אויסגענוצטע און ארויסגעוואָרפענע,
זוכן זייער גוואַלדע צו פאַרקויפן פאַר א שטיקל ברויט.
(ביליק איז די גוואַלדע זייערע, נאָר קיינער וויל זי ניט קויפן)
הייבט זיך אוף צום רוף!
לאָזט הערן אײַער צאָרנדיקן קאָל,
אַז דער שטאָלצער גרינער קאָפּ פון „ווילסאָן"
זאָל א ציטער טאָן.
גלײַכט אויס,
האַלט גרייט פאַרהאַרטעוועטע גלידער—
צום קאַמף!
פון ניו־יאָרק ביז קאַליפאָרניע—
צום רוף,
פון מיליאָנען צאָרנדיקער, קעמפנדיקע ברידער!

---

[1]) איסט — מיזרעך. [2]) מיטל־וועסט — מיטל־מײַרעך.

# י. א. ראָנטש

שטאַמט פון א בורזשואַזער פאַמיליע. געב. אין 1899 אין קאָבינ (פוילן), באַקומען א רעליגיעזע דערציִונג און בילדונג, אָבער נאָך אין דער יוגנט איבער־געריסן מיט דער טראַדיציאָנעלער ייִדישקייט. זינט 1913—אין אמעריקע. האָט זיך באַשעפטיקט מיט ארבעט, זשורנאַליסטיק, לערערײַ. דרוקט זיך זינט 1915. אין דער קאָמוניסטישער פרעסע—אַן ערעך פון די יאָרן 1923—1924. איינער פון די אָנגעזעענסטע ייִדישע רעוו. דיכטער פון אמעריקע. מיטגליד פון „פראָלעטפען".

## מיר

ניטאָ פאר אונדז קיין רו:
מיר לעבן באם געבורט פון גרויסע שטורעמס
באהאלטן זיך—ניטאָ אינערגעץ ווו,
— עס וועלן קראכן אומעטום די טורעמס.

די צײַטן פון די שטילע טפילעס איז אריבער,
צו מעקטיק איז דער שמארץ פון וווּנדן רויטע;
עס שיפען גיפטיק שלאַנגען פון די גריבער,
און שווארצע ראָבן פראוועו סודעס איבער טויטע.

און מיר פון אייביק אָן געקייטע [1], אונטערדריקטע,
ניטאָ פאר אונדז פון איצט שוין מער קיין פרייד.
מיר וועלן מער ניט הערן קרעכצן אייגענע, פארשטיקטע,
מיר וועלן מער ניט זינגען ס'אַלטע ייִדיש ליד.

נאָר מיט אויגן צאָרנדיקע און פויסטן געבײַלטע
וועט צום הימל רײַסן זיך אונדזער רוף צום קריג:
און מיט פארכאסמעטע טריט, געאײַלטע,
וועלן מיר שפרײַזן זיכערע צום זיג.

עס מוזן פראליק קראכן אלע טורעמס,
וואָס האָבן דורעס אונדזערע פארקנעכטיקט;
מיר לעבן אין א צײַט פון שטורעמס,
וואָס וועלן מיט די וואָרצלען אויסרײַסן די נעכטנס.

[1] געקייטע—געשמידטע אין קייטן.

## וויפל טעג

און וויפל טעג עס זײַנען נאָך פאַרבליבן
אפּ אונדזער קורצן וועג—
ניט זאָלן ווערן זיי צעריבן
אָן ציל, אָן צוועק.

מען וואַרט אפּ אונדזער קומען
פון גרויע יאָרן אָן;
זאָל זיך אין דעם שטורעם־ברומען
אויך הערן אונדזער טאָן.

## פונקען פרייד

צעפלאַקערט שוין די פונקען פרייד אין אַלע הערצער:
וואָס איז געווען א כאָלעם לאַנג, ווערט איצט א וואָר.
מיר האָבן זיך אַליין באַפרײַט פון טוכלע קאַרצערס
און דערזען אין שפּיגל־צײַט: מיר זײַנען אלץ און גאָר.

ווי גרויזאַם־מאַכטיק איז אָבער דער וואַכער סוינע,
און היט זײַן האָב און גוטס, וואָס וועט באַלד אונדזערס זײַן.
מיר זײַנען נאָך דערווײַל בא אים א גוטער קוינע:
ס׳ברענגט אונדזער וואַרעמער שווייס אים פעסער גאָלד אַרײַן.

נאָר אויס איז שוין מיט פאַכעד—פּײַן, מיט ווײַ אמאָליק—
מיר זײַנען אלץ און גאָר, מיר האָבן זיך אַליין באַפרײַט.
און פעסט איז אונדזער שפּאַן, און יעדער פויסט איז שטאָליק.
עס פלאַקערט פרייד: מיר האָבן זיך דערזען אין שפּיגל־צײַט.

## לענין

אונדז איז באַשערט געווען די גרויסע פרייד
צו לעבן אין איין צײַט מיט לענינען,
ווי שטאַרק מעקאַנע זײַן וועט אונדז דערפאַר
דער קומענדיקער דאָר!

ס׳פאַרגייט א יאָר און נאָך א יאָר,
און לענינס נאָמען ייִנגער ווערט.

פון דאָר צו דאָר גייט אופ די וואָר
פון לענינס וואָרט אפ גאָר דער ערד.

עס דרינגט אריין אין יעדן טהאָם—
ווי פאסן זון דורך כמארעס שווער;
ווי שפינוועבס ווערט די דיקסטע צאם,
און ס'שיצט זיין וואָרט ווי שארפ געווער.

עס יאָכן דאָך אין אונדזער צייט נאָך פעלקער ביטער,
און ראסן קנעכטיקן נאָך אונטער ריטער;
נאָר פון האוואנע ביז שאנכיי
קלינגט לענינס רופ צו זיי: „ווערט פריי"!

און אין דער קייווערדיקער קוילן־שאכט,
און אין דער הורזשעדיקער גרויס־פאבריק
דרינגט לענינס גייסט אריין און וואכט
און רופט צום שקלאפ: „די קייט צעפליק"!

ס'איז לענינס דאָר—א דאָר פון שטאָל,
און ס'שטארקט זיין וואָר, און ס'וואקסט זיין צאָל.
און גוט איז דעם, וואָס איז פון שקלאפן־שטויב
געוואָרן פריי, און קעמפט און גלויבט.

---

# בעצאלעל פרידמאנ

געבאָרנ אינ 1897 יאָר אינ בריסק (ליטע) א לערער, דער פאָטער—אנ ארבעטער אינ א מעל־פאבריק. דרוקט זיכ פונ 1919 יאָר. נאָכ דער מילכאָמע אַוועקגעפאָרנ קיינ אמעריקע. ארבעט אינ די דאָרטיקע קאָמוניסטישע שולנ. אקטיווער מיטארבעטער פונ דער קאָמוניסטישער פרעסע. מיטגליד פונ „פראָלעטפענ“.

## ניו-יאָרק

... כ'וויל ניט זינגענ ליד פונ מידע שאָטנס
אפ אייגענע אונ פרעמדע גרויע ווענט,—
נאָר ליד פונ ניו־יאָרק, ליד פונ ציגל אונ פונ דראָטנ,
אונ אויסגעהאָרעוועטע אונ פארשווארצטע הענט.

... פונ ברעגנ קוני־איילאנד [1]) ביז וואנ קאָרטלאנד [2])
ווער האָט ווענגנ דאָ באגאָסנ מיט צעמענט?
ס'האָבנ מײַלנ דאָ צעלייגט אונ אָפגעמאָסטנ
גאנצע דורעס אָפגעקויפטע הענט.

איז ווי קאָנ מעסטנ שטאָט אפ מײַלנ
אונ באזינגענ זי פונ פויגל־פלי, צי אעראָפלאנענ,
אז שטאָט איז ריז פונ מילי־מילי־טיילנ
פונ שווערער האָרעוואניע אפ יעדנ טריט אונ שפאנ...

זע איכ אינעם שוונג פונ מײַלנ־בריקנ
אונ אינ שווינדל פונ די פופציק שטאָק
קלענסטנ שרויפ אינ יעדנ רויטנ ציגל,
קלענסטנ שטאנג אינ אײַנגעשרויפטנ טשוואָק — —

איז דאָס ליד פונ שטאָט מיט זעקס מיליאָנענ —
שווארצע ארבעט, וואָס האָט וויסטע מײַלנ אופגעריכט,
קויעכ אָנגעגאָסנ אינ פילשטאָקיקע בעטאָנענ —
איז דאָס ליד—דער אייביק בויענדיקער שיכט —

---

[1]) קוני־איילאנד — אנ אינדזל בא ניו־יאָרק; אָרט פונ פארווײַלונגענ. [2]) וואנ־קארט־לאנד — א פארק אינ ניו־יאָרק.

# פרילינג

גרויקייט פארשווינדט ווי א רויך,
און טעג ווערן מילדער און העלער,—
נאָר עס ליגט מאָרע־שכוירע אף ווענט
פון פינצטערער שטוב און פון קעלער.

פול זײַנען גאסן מיט קוילעס,
מיט יונגען, מיט קינדערשן ליארעם,—
אין אָרעם־שטוב קעלט איז נאָך עסיק,
כאָטש דרויסן איז זוניק און וואַרעם.

אף ביימער שוין עפנט זיך בלִיוּנג,
און טײַכן פארקאָוועטע לאָזן,—
אף סקווערן פארהונגערטע ברידער:
פארכאלעשטע קרענצ ארום גראָזן...

מירן דעם הונגער און כוישעך
צעטראָגן אף פרילינגשע גאסן—
פאר ברויט, און פאר זון און פאר פרילינג:
קעמפן צוויי פײַנטלעכע קלאסן!

## צום דרעסמאכער [1]

שטרײַק!—
ס'איז שאפ פאר דיר א הונגעריקע שטײַג—
ס'קריכן דײַנע טעג אין שאפ,
ווי שפינען אפן פאָנעם.
דערקען די פינגער פון די סאָנים
אף דײַן האלדז—
זיי האָבן אלץ,
און דיר פעלט אויס צו מאָל
דאָס ברויט און זאלץ — — —

[1]) דרעסמאכער — שנײַדער פון פרויען־קליידער.

קאמף!
געפאלנקייט מאכט בלינד:
ברענגט אום אי זיך, אי ווייב, אי קינד...
ארויס אין שטרייק!
זאָל אויסזען דער שאפ,
ווי א פארלאָזטע שטיי — — —

אחיין:
אז אָן דיין קויעך פון די הענט
איז שאפ א טויבער קאסטן מיט כאלאָשעסדיקע ווענט —
זאָלן שטומען די מאשינען!—
ארויס
אין שטרייק!
אין קאמף,
געווינען!

# דזשעניטאָר דזשים

מיין דיל איז די סטעליע איבער דיין קאָפ
אין דעם פינצטערן קעלער,
און ווען מיר באגעגענען זיך ביידע,
און איך גיי ארופ, און דו מיט די שטיגן אראָפ,
באהאלטן מיינע אויגן זיך טיפער אין קאָפ.

מיין קינד—עס דערציילט מיר פון שול,
ווי פרעזידענט לינקאָלן
באפרייט האָט דיינע זיידן און מאמן.
שיק איך זי שטיינגן ארונטער אין קעלער צו דיר, דזשימי דעם נעגער,
ווו עס שטייט דער מיט קוילן-פארשטויבטער געלעגער.

הויבט זי מיט פראגעס מיך אָן צו פארמאטערן:
ס'איז טונקל אין קעלער און זון אזויפיל איז אין דרויסן.
דערצייל איך איר, ווי דזשימעס, דער זיידע און טאטע,
אונטער דער זון דאָס געזונט פלעגן פאטערן,
ווי פאַנען—אין קעלערס—באהאלטענע—אף גאסן סאָוועטישע פלאטערן.

דיינע אויגן, דזשים, זעען אויס ווי ברילן—
אויסגעברענטע וונדן
אף פארפייניקטע כאווירים — — —

קום: טעג פון זיידעס און טאטעס ליגן פארהוילן.
לאָמיר זיך גרייטן צו טעג
מיט ביקס אפ אקסל און גארטל מיט קוילן.

מײַן טאטע איז אן ארבעטער א פראָסטער,
מײַן זיידע—אויסגעווייקט אין טפילעס,
ווי דײַן „אָנקל־טאָם“ — — — — [1]
צײַט האָט פאר אונדז ביידן נײַעם וועג געמאָסטן.
קום און קרעפטיק כאוויירים, וואָס וואכן אפ פאָסטן.

דײַנע געהאנגענע ברידער רײַפן די צײַט,
און בייגן דיביימער צו דר'ערד — — —
קום: פארצווייפלטע קלאָלע אונדז ביידן פארשווערט—
מיט נעקאָמע איז צו עטעמען באשערט.

ברידער, אזויפיל האָבן מיר דעם ליכטיקן עמעס דערקענט.
צערײַס מיטן קלויסטער,
ווי איך, אלס ייִנגל, מיט טוכלען בעסמעדרעש:
ס'איז קלאָלע אין מויל פונעם גאלעך און שעקער זײַן בענטשן,—
פון ראנד ביזן ראנד דער עמעס פון מענטשלעכן קויעך איצט ברענט שוין.

צעזשארע דעם פײַער אפ נעפל פון אייגענעם מויעך,
זאָל ברענען אין בלוטן, ווי די קוילן אין אויוון פון קעלער,
שטיק ניט דאָס אייגענע לעבן מיט אייגענעם קויעך!

# אונדזער שול

גאָלדענע זון און הימלשער בלוי—
פארוואָס לעבן ארבעטער אָרעם אזוי?
פעלדער צעגראָבן און הײַזער צעבויט
פארוואָס לײַדן ארבעטער הונגער און נויט?
שפײַכלערס מיט ברויט און קאסטנס מיט גרינס—
פארוואָס איז עס אלצדינג דעם רײַכנס געווינס?

פרייד און בעלעכטער, פארגעניגן און רו—
ווו איז דעם ארבעטערס רו, פרייד איז וווּ?

---

[1] „אָנקל טאָם“ — א העלד פונעם ראָמאַן „דאָס הײַזל פון פעטער טאָם“ פון דער באוווסטער אמעריקאנער שרײַבערקע ביטשער סטאָו.

לערנען זיך קינדער אין ארבעטער־שול—
אונדזער קאָפּ און דאָס הארץ מיטן עמעס ווערט פול:
פויער און ארבעטער לעבן אין נויט,
און רײַכער אומזיסט עסט דאָס זעטיקע ברויט.
פון שווייס אפ די פעלדער, פון שווייס אין פאבריק—
לעבן די רײַכע אין פרייד און אין גליק.
לערנען זיך קינדער דעם עמעס פארשטיין,
לערנען זיך קינדער אין וועגן צו גיין:
אין וועגן פון לענין, אין וועגן צו גליק—
צו פעלדער באפרײַטע אין פרײַער פאבריק.

# בלוט פון אונדזער הארץ

אין „מאָרגן־פרײַהײַט" שלאָגט דאָס בלוט פון אונדזער הארץ,
דורך „מאָרגן־פרײַהײַט" רופט דאָס וואָרט פון אונדזער ווילן.
ס'וועט פרײַער סוינעס יאָנטעוו ווערן שווארץ...
איידער אונדזער זאַץ־מאשין וועט שטילן.

סוינע רעכנט שוין אפ הונדערט און אפ טויזנט
וויפל ס'וועט א טאָג אָן „מאָרגן־פרײַהײַט" ברענגען —
אין סוינעס הארץ וועלן פרײַער גליִען קוילן־רויזן...
איידער אונדזער זאַץ־מאשין וועט שטילן.

צום צענטן יאָר דערמאָנען מיר דעם ערשטן,
אין ערשטן האָבן מיר געלעבט שוין מיטן צענטן...
ס'וועט אונדזער בלוט־און־פײַער־וואָרט אײַך ווײַטער בערשטן:
פאר שווארצן ברויט פאר „פרײַהײַט" גייען לעצטע סענטן...

# לענין

מיר דערמאָנען ניט דעם נאָמען לענינס איינמאָל נאָר אין יאָר,
און פארסאמען ניט די טעג מיט טרויער.
מיט אָטעם פון דער צײַט און לענינס וואָרט
איז באוואָפנט אונדזער אויער.

כ'איז לענין־וואָרט: די אקס פון וועלט,
אפ טעג פארהונגערטע—א לויכטנדיקער ענטפער.
מיליאָנען האָבן זיך געשטעלט שוין אין דער ריי,
מיליאָנען לענינישע קעמפער.

לענינס נאָמענ: אינעם וויג־ליד פונ די מאַמעס
אונ אינ פּויסט פונ די האָרעפּאַשנע טאַטעס,
ליכטיק ווערט פונ קלאָרנ לענינ־וואָרט
אפילע אינ דעם כווישעל הינטער גראַטעס — — —

פונ יענעם טאָג, ווענ ס'האָט זיכ אופגעשטעלט דער גרויסער פּויער,
ביז היינט אינ שוווּנג פונ פּלאַנ פאַרנ ערשטנ פינפיאָר
האָט לענינ־וואָרט דערגרייכט דעם ווייטסטנ אינדזל,
איז לענינס זאָג פאַרפּלאַנצט אינ יונגסטנ דאָר.

קאָמפּאַרטייענ ווערנ אייניק אונ געשטאַרקט,
אונ סטאַלינ—בעסטער טאַלמיד—היט די לענינישע ליניע אָפּ:
זייענע אינ די לעצטע שלאַכטנ זיכערע די טריט
אונ נייע טעג, ווי זונ־פרימאָרגנ, לייכטנ אינ דעם קאָפּ.

# סקאָטסבאָראָ[1])

ביז ווי באָרוועסע פאַסטעכער מיט לידער פאַרבענקט אַפ הילצערנע פייפלעכ,
וואָס היטנ אָפּ אונ פּאַשענ פרעמדע סטאַדעס רינדער,—
גייט אייכ אָפּווישנ פונ ערד א פאָלק מיט ברודנע נעגל אונ מיט הונגרנ
ווי איר ווישט אָפּ דעם בלי אונ כיינ פונ שווארצע קינדער — —

ווי שפּינגעוועב—די ליידיקייט צווישנ אייערע פינגער,
פונ אייער ליבע קריסטלעכער צעוואַקסנ זיכ בעסאַלמענס...
עס נערט זיכ אייער רו מיט לונגענ פונ פאַרצערטע מאַמעס,
אייער פרייד—ווענ דעם דערשטיקטנס לעצטע ווערטער שטאַמלענ.

לינגנער! איר דערציילט די קינדער אונדזערע פונ פרייהייט,
ווענ טעג אונ נעכט איר האַלט געשמידט אינ קייטנ אונ אינ גראַטעס,
איר דערציילט, אַז לינקאָלנ[2]) באַפרייט האָט באַבעס, זיידעס,
אונ אַפ ביימער וואָרגט איר איצט די קינדער אונ די טאַטעס...

ס'קומענ קינדער פונ קינאָ אמאָל מיט פרייד אינ אויגנ
אָפּגענאַרט פונעם ליגנ: „קאַבינ פונ אָנקל טאָמענ"[3])
איר סאַמט דאָס מילכ, וואָס קינדער האָבנ קליינערהייט געזויגנ,
אונ גיסט אינ הערצלעכ סינע־סאַם צו נעגערנ מיליאָנענ.

---

[1]) א שטאָט אינ פאַראייניקטע שטאַטנ. [2]) לינקאָלנ — פאַמיליע־נאָמענ פונ א פּרעזידענט אינ פ.א.פ.ש., וואָס האָט געפירט דעם בירגער־קריג מיט דאָרעם־אמעריקע פאַר דער „באַפרייונג" פונ די נעגערנ. [3]) א בוכ פונ שרייבער ביטשער סטאָו.

מאמעס פון ייִנגלעך אין טויט־קאמער,
מאמעס אין שוידער פון טויט — — —
פאר אייַך און פאר אונדז וויקט דער סוינע
אין בלוט דאָס טאָג־טעגלעכע ברויט.

געלייענט דײַן בריוו, מאמע, פאוועל,
געשריבן מיט פלייץ פון דײַן בלוט.
שטארק זיך, פארצווייפלטע מאמע,
יעדער כאווער פון סקאָטסבאָראָ טוט.

... אומעטום, ווו מיר זאמלען די קויכעס,
איז לעצטער אנטשיידענער שלאכט—
שטעלט סקאָטסבאָראָ גרייט די כאווײרים,
שטעלט סקאָטסבאָראָ קעמפער אף וואך.

ס'בלוטיקן ווונדן אין פיסבורג [1]
צײַט רײַפט סוינעס יאָרן פון גסיסע.
איין פײַער צינדט אָן אלע קאמפן
פון ניויאָרק ביז סקאָטסבאָרער טפיסע.

און טויט־שרעק אין בירגמינגאם־טפיסע
ליגן נײַן ייִנגלעך פארגראטעוועט—
צו דיר און צו מיר, צו אונדז אלעמען
דאָס איינציקע וואָרט זייערס—„ראטעוועט!"

---

[1] א שטאָט אין פאריייניקטע שטאטן.

## נאָכעם ווייַסמאַן

א לערער אין די קאָם. שולן. אקטיווער מיטארבעטער פון „מאָרגן־פרייַהייט" און אנדערע קאָמוניסטישע אויסגאבן. מיטגליד פון „פראָלעטפען".

# פונקען פון דוירעס

פונקען פון ווייַטן און פונקען פון היי,
אומעטום פונקען צעשפּרייטע —
מיר קלייַבן אייַך אלע אין הארצן צונויף
פונקען פון דוירעס פארזייטע!

ווען דרייסטער און פעסטער נאָך ווערן דער טראָט
און שטורמישער נאָך אונדזער צאָרן!
היי, כאַווער פון שאפּ, פון פאבריק און זאַוואָד
עס גייען קיין פונקען פארלאָרן!..

פונקען פון ווייַטן און פונקען פון היי —
און הערצער פון קעמפער געאייניקט —
עס פלאקערט פאנאנדער זיך איצטער דער פייַער,
און מיר אין דעם פייַער פארייניקט!

פונקען פון ווייַטן און פונקען פון היי —
אומעטום פונקען צעשפּרייטע —
מיר קלייַבן אייַך אלע אין הארצן צונויף —
פונקען פון דוירעס פארזייטע!

ווען ליכטיקער ווערן אף וועגן פון קאמף,
פארברידערטער — ברודער מיט ברודער;
היי, כאַווער פון שאפּ, פון פאבריק און זאַוואָד,
דערהאַכ און געשטעלט זיך צום רודער!

# פארטאָג אפ גרענד-סענטראל [1]

קנוילט זיכ נאָכ די נאכט מיט אומרו אפ ניו־יאָרקער דעכער;
צאפלט זיכ אפ שפיצנ־שפיזנ שוינג דער נײַער טאָג;
שארנ זיכ פארשלאָפענע, ווי שאָטנס טאנצנדיקע אפ די ווענט,
די פענצטער־וואשערנס, מיט קעסטעלעכ אונ לאנגע בארשטנ אינ די הענט.

האָט מענ שלאָפנדיקע קינדער ערגעצוו געלאָזנ:
כאָלעמענ זיי עפשער איצטער פונ שיכעלעכ אונ ברויט;
ס'האָט די אלע מאמעס דאָ אינ גרענד-סענטראל פונ בעט ארויסגעטריבנ
די קינדערשע הונגער־נויט!

כאָלעמט נאָכ די נאכט אפ גאָלדענע קופאָלנ;
פינקלט די עלעקטרע־ליכט אפ גאסנ פונ מײַנ שטאָט,
זינגענ טריט אפ טרעפ ארופ פונ באנענ אונטערערדישע
ליד פונ טאנצנדיקנ הונגער אפ אָנגעגליטנ דראָט!..

ערשט דאָכ זײַנענ פולמאנ־באנענ [2] אָנגעקומענ,
ס'קנוילט זיכ נאָכ אינ ווארעמער מאשינ דער דיקער רויכ;
זינגענ טאנצנדיקע לאנגע בארשטנ אפ די פענצטער
אונ ס'טאנצט ארומ די קראפט פונ הענט אויכ אינ דער הויכ!

אונ אז ס'וועלנ זיכ אופכאפנ אינ דער היימ די קליינע קינדער
אונ צעוויינענ זיכ אינ בלויקײַט פונ קאיאָר,
צאָלנ ווער וועט פאר די טרערנ, פאר די קלאָרע
אינ פארטאָגנ פונ א קײַלעכדיקנ יאָר?

# ארבעטלאָזיקײַט

ס'האָט זיכ צעפײַפט די ארבעטלאָזע נויט
אונ צעזונגענ זיכ אפ פאָנעמ פונ מײַנ כאווער
— היי, ווענ ס'וועט דער טאנצ צעברעכנ זיכ אינ מאָרגנ־רויט,
וועט צעפאלנ זיכ די קייט—פול דוירעסדיקער זשאווער!
ס'האָט זיכ צעפײַפט אָט דאָ בא אונדז די ארבעטלאָזע נויט,
שלאָגט הונגער־ליד זיכ אָפ אפ הימל־קראצער־ווענט;
שמעקט פונ רעסטאָראנענ איצט דאָס ראָסל־פלייש מיט קרויט
אונ ס'ציטערנ בא אונדז די הונגעריקע מוסקולנ אינ די הענט...

---

[1] גרענד־סענטראל — צענטראלער וואָקזאל אינ ניו־יאָרק. [2] פולמאנ־באנענ—ערשט־קלאסיקע באנענ.

רייצנ זיכ די פענצטער פונ ניו־יאָרק מיט אונדז אפ יעדנ שפאנ;
— ס'איז רײַכ מײַנ שטאָט אונ שפּײַכלערס זײַנענ פול מיט אלדאָס גוטס...
אונ וואָס דײַנ הארצ נאָר גלוסט איז דאָ פאראנ.
פאר וועמענס נוצ? פאר וועמענס נוצ?

ס'איז אינדיאנער שפּעטער הארבסט מיט שטעריק קאלטע נעכט...
אונ מיליאָנענ ארבעטלאָזע מעסטנ איצט די שטאָט מיט זאָרגנדיקע טריט;
שוועבט אפ אונדזער קאָפּ א געלער שווערד־געפעכט—
אינ הארצנ בא אונדז פארסאמטער האס, צעגליט!..

ס'האָט זיכ צעפּײַפט אָט דאָ בא אונדז די ארבעטלאָזע נויט,
אונ צעזונגענ זיכ אפ יעדנ פּאָנעם פונ מײַנ כאוועך...
היי, ווענ ס'וועט דער טאנצ צעברעכנ זיכ אינ מאָרגנ־רויט—
ווי ס'וועט צעפאלנ זיכ די קייט—פול מיט דוירעסדיקנ זשאווער!..

# אונדזער שול

אונדזער שול איז אונדזער מאָרגנ,
דורכגעלויכטנ מיטנ הײַנט;
וואקסנ זינ אונ טעכטער שטאָלצע
צו באגעגענענ דעם פּײַנט!

לערנענ אונדזערע זינ אונ טעכטער
מיט א פלאמיקנ באגער;
ס'וועט א רויטער מאָרגנ מוזנ
קומענ, קומענ אויכ אהער!

ס'וועט א רויטער מאָרגנ קומענ—
דוירעס האָבנ אימ פארזייט;
זאָל ער אויכ א דאָר פונ קעמפער
טרעפנ דאָ אינ ריי געגרייט!

... ס'איז ניט גרינג דער וועג פונ קעמפער!
אײַזנ פעסט שטייט סוינעס וואנט!
אויסגעלערנט אונ געגרייט זיכ,
שטארקט דעם מויעכ אונ די האנט!

# איז בויען מיר איצט

מיר זײַנען די בויער, וואָס ברענען אויס ציגל
און קנעטן אליין אויך דאָס ליים מיטן שטרוי;
מיר טראָגן אַפּ אייגענע אַקסלען די שטיינער
און קלעטערן, שטייגן נאָך שטייגן אַזוי!

מיר זײַנען אליין אָט די שטיינער און ציגל —
און דאַרף מען? דאַן ווערן מיר שטאַרקער גראַניט!
און דאַרף מען צעברעכן? איז קאָנען מיר ברעכן!
מיר קאָנען אויך בויען גאָר פלינק און געניט!

און בויען מיר איצטער דעם ארבעטער־אָרדן [1]
מיר זאַמלען די אייגענע קויכעס צונויף:
איז ווער עס קען בויען! טאָ שטעלט צו דעם אַקסל
צו טראָגן דעם ציגל אַפּ שטייגן אַרויף!

מיר ווילן פאַרברידערן ברודער מיט ברודער
צוזאַמען זיך גרייטן — געגרייט זײַן אין צײַט;
און קעמפן צוזאַמען. ווען קאַמף וועט אונדז רופן —
דער טאָג איז ניט ווײַט!

און וועט מען אונדזי דאַרפן, און וועט מען אונדז רופן,
וועט מען פאַרלאַנגען הילף אין נויט —
איז וועלן מיר העלפן — גרייטע ווי איינער —
צעצינדן דעם מאָרגן אין פלאַמיקן רויט!

---

[1] „ארבעטער־אָרדן" — „אינטערנאַציאָנאַלער „ארבעטער־אָרדן" — פראָל. אָרג. פאַר קעגנזײַטיקער הילף און קולטור־בויונג.

# מיר, ארבעטער-פרויענ

(צום אינטערנאציאָנאלנ פרויענ־טאָג).

מע שענדט אונדז אינ פוילישע טורמעס,
מע האקט אונדז די קעפ אָפ אינ כינע;
אונ מיר שמידנ האמערס פונ פויסטנ
אפ יעטווידנ ערד־טייל, אינ יעדער מעדינע.

מיר האָבנ צום פינצטערנ נעכטנ
די פעדימ די פוילע צעשניטנ,
מיר האָבנ די הענטלעכ, די צארטע
אפ מוסקולנ הארטע פארביטנ.

מיר נייענ, אונ זייענ, אונ שמידנ,
מיר האָבנ דורכ שטורמענ גרויסע
די פאָנענ די רויטע געטראָגנ.
אונ שלעפנ דעמ ריזיקנ וואָגנ—

פונ פעראָווסקא [1]) ביז עלא־מיי־וויגינס [2])
איז פול מיט בלוט אונדזער בעכער,
אונ אלצ זיינענ מיר אפ די פראָנטנ,
אונ הייבנ די פאָנענ אלצ העכער.

מיט הערשער פונ היינט אונ פונ נעכטנ
מיר גייענ אינ טויזנט געוועטנ:
מיר וועלנ די איצטיקע אָרדענונג פארבייטנ
אפ אנ אָרדענונג, וואָס רופט זיכ „סאָוועטנ".

---

[1]) סאָפיע פעראָווסקע — א רוסישע רעוואָליוציאָנערקע („נאראָדנאיא וואָליא") דערמאָרדעט געוואָרנ אינ 1881 י. נאָכנ אטענטאט אפ אלעקסאנדער II [2]) עלא־מיי חיגנס — א רעוואָליוציאָנערקע אינ צ.א.פ.ש. דערמאָרדעט געוואָרנ.

## ל. מילער

# יאָנגסטאָן[1]

(געווידמעט דער קאָנפערענץ פון קאָמוניסטישן יוגנט־פאַרבאנד).

מע האָט פאר אונדז די שטאָט ניט אויסגעצירט מיט פאָנען,
מע האָט פאר אונדז דעם גאס־פארקער ניט אָפגעשטעלט—
ווי רוישיק וואסער, שטראָמען מיר און מאכן זיך א וועג
און רײַסן מיט און שפארן דורך, דורך אופרײַס און דורך שפאלטן,—
ווער קען אונדז פארהאלטן?!
מיר שלאָגן אָן, מיט רוף מיט מעכטיקן אין טויבע ווענט פון שטאָט־הויז,
מיט שטיינ און נעגל אפן לעצטן שטיק פארצוקונג—
פארטײַעט האָבן זיך די מערדער, אין די שטומע, אין די טויבע ווענט—
מיר זאָגן אָן: דער אורטייל טראָגט זיך שנעלער, ווי מיט שנעלסטע עראָפּלאַנען.

מיר קומען אײַך דערמאָנען!
מיר קומען אײַך דערמאָנען, מיט אויסרופ אף פלאקאטן,—
אף די פלאקאטן, יעדער אופשריפט איז צו אײַך א „סאמאנס"[2])
און לאנג וועט איר זיך. פון די „סאמאנס"־טרעגער ניט באהאלטן
עס שיקן אײַך דורך אײַערע פאָליציאנטן, קאָזאקן און דראגונען—
א וואָרענונג, די מאָנער!
אין סקווערן אָפענע, געפראוועט ווערט דער מישפּעט הײַנט,—
איר זײַט פארורטיילט, און עס איז דער אורטייל אומפארמײַדלעך,
ס'איז אָנגעפילט די לופט מיטן קלאנג פון רוף:
„איר זײַט אונדז שולדיק".
און מיר מושטירן זיך שוין אומעטום, צום קאמף און לעגיאָן,—
מיר וועלן אלץ אופמאָנען!

---

[1]) יאָנגסטאָן — יוגנט־שטאָט (?) אָדער דער אוטער מיינט א געוויסע אינדוסטריעלע שטאָט אין דער שטאָט אָהײַאָ, ווו עס איז, מאשטאָעס, פארגעקומען די קאָנפערענץ. [2]) סאמאנס — א רוף־צעטל צום געריכט.

# פּיַוול מעלצער

## לענינס אָנדענק

זאָל העכער דאָס ליד זיך צעקלינגען,
צום קאמפ זאָל זיך טראָגן די לופט!
אין אָנדענק פון לענין דעם פירער—
ניט טרויער זאָל זינקען די ברוסט.

צו קעמפן—געלערנט האָט לענין—
מיט שטאָלץ אופגעהויבענעם קאָפּ,
„און דאָס, וואָס איר וועט נאָר געפינען,
האַלט פעסט און גיט קיינעם ניט אָפּ"!

„נאָר ווילט איר פון יאָך זיך באפרייַען,
און ווילט איר ניט זייַן מער פארשקלאפט?
ארייַן אין די קעמפנדע רייען,
פארשטארקט אייַער אייגענע קראפט...

„און אלע, ווי שוועסטער און ברידער,
די שאפער פון ריזן־פארמעגן! — — —
פאָרויס! קליי־זאיען און לידער,
פאָרויס! אף דעם ליכטיקן וועגן!

ניט ווײנען, קיין טרער זאָל ניט רינען,
ניט שרעקן זיך פאר אומקום און טויט,
זעט, וואָס אייַך שטייט צו געווינען!—
פארלירן?—ניט מער ווי די נויט"!

מיר שטייען ווי יונגע סאָלדאטן,
די הערצער געמוטיקט, געשטארקט!
ווען קומען די צייַט פאַר הארמאטן—
צום קאמפ! ניט געשפּאָרט, ניט געקארגט!

מיר וועלן דעם סוינע באזיגן,
ווי לעניג אונדז לערנט, באפעלט!—
ביז האמער און סערפ וועט באלויכטן
פון אונדז איַינגענומענע וועלט!

זאָל שטארקער דאָס ליד זיך צעקלינגען,
די רייען מאכט ענגער און גרויס!—
אין אָנדענק פון לעניג דעם פירער
צום קאמפ פאר באפרײַונג ארויס!

# מיר זײַנען באָלשעוויקעס

... מיר זײַנען ניט קיין זײַדענע פּאָעטן מיט הענט געאיידלטע און בארטע,
אף אונדזער שטײַפן אקסל טראָגן מיר אָנגעלאָדן ביקס,
מיר זײַנען פּאָשעטע סאָלדאטן,
מיר זײַנען ניט קיין טויטע רעזערוויסטן [1]
מיר רעקרוטירן,
מיר שפּאנען מיט, טראָט אין טראָט, אף אלע בלוטיק־קעמפנדיקע פראָנטן,
מיר אָטעמען מיט אופרײַס פון אָנגעהיצטע טעמפּן,
מיר אטאקירן
און מיר שמידן אונדזער וואָכיק ליד;
אין העלן וווּנדער פון שטײַגנדיקע קאמפן
טראָגט זיך איבער לאנד אונדזער פלאמענדיקער רוף,
איבער שקלאפישע פאבריקן,
איבער מינען־שאכטן און טעקסטילן,
ענטפערן אָפ הערצער וווּנדיקע און דערשלאָגענע,
און הענט פארלאָשענע, גוווּרעדיקע הענט,
בינדן זיך אָן מיט נײַע ליכטיקע פײַערן
און רײַסן זיך צום קאמפ.
עס רירט זיך שוין אין אונדזער לאנד,
עס ווערן לויז די שרויפן פון וואנדאליסטישן [2] באָלדענעם יאריד,
עס הייבט דער ארבעטער זײַן קאָפּ.
מיר ברענגען נאָנט צו זײַנע אויערן אונדזער קלאָר און קרעפטיק וואָרט,
מיר ברענגען אָנזאָג פון א נײַעם טאָג,
פון אן אנדערשדיק שענער לעבן.

— — — — — — — — — — — — — — —

1) רעזערוויסטן — אויסגעדינטע זעלנער, אין רעזערוו. 2) וואנדאליסטישן — ווילד־צעשטערערישן, רויבעריש.

... מיר זײַנען באָלשעוויקעס,
רויטע פראָנטאָוויקעס,
מיר האָבן אונדזער אייגענע מאָראַל—
די פראָלעטארישע,
די קאָמוניסטישע.
אונדזער ליד איז קעמפעריש און זוניק:
אונדזער ליד איז אָנגעגאָסן מיט רעוואָליוציאָנערער שטורעמדיקער פרייד,
אונדזער ליד איז א ברענענדיק דאָרן אין די ביטרע אויגן פון
אונדזער סוינע
אונדזער ליד טראָגט צו דעם דינאמיט צו די פארביסענע, ציינערדיקע
קאמפן
אונדזער ליד, אונדזער ליד איז ברוּזיקער פּראָטעסט,
אונדזער ליד איז צאָרן־פּויסט,
אונדזער ליד איז שטורעם.
אונדזער ליד איז ציל־באוואוסטער דראנג,
אונדזער ליד איז געזונטער, שטיינערדיקער האס,
אונדזער ליד איז גאל,
אונדזער ליד—איז א רײַכער ארסענאל,
א פײַערדיקער רוף צום קאמף,
א טויטנדיק געווער אין די שטארקע הענט פון אונדזער קלאס,
אזוי לאנג ווי א סוינע וועט אונדז שטיין אין וועג,
ביז וועלט וועט ווערן אונדזערס.

— — — — — — — — — — — — —

כאוויירים טײַערע פון פ.ס.ס.ר.,
מיר פון דאנען שיקן אײַך א גרוס,
מיר בייען פעסט,
מיר בייען גרייט קעגן יעדן פײַנט פון ראטנלאנד,
און מיר אקערן דאָס פעלד צו אונדזערע אייגענע סאָוועטן.
סאלוט!!!

---

# נ. ד. קאָרמאַן

## נעכט אין קובאַ [1].

אָ, ברודער מײַנער, דו ברוין־הויטיקער קובאַנער,
קום אַף נאַכט־לעגער
אין הינטער־געסלעך פון האַוואַנאַ [2]
צו אונדזערע רינשטאָק־בעטן!
קום באַהאַלטן זיך
פון בלישטשנדיקע ליכטער,
פון קײַלעכדיקע זאַטע טוריסטן־בײַכער —
ס׳איז אונדז ווייכער
דער געלעגער אין די רינשטאָק־בעטן,
ווי זיי — אין אויסגעפּוצטן לוקס־האָטעל
„סיווילאַ״.
אָ, אָ! אַף אונדז צערויטלט זיך
דער מאָרגנדיקער זונען־שטראַל —
און פאַלט
צו אונדזערע געלעגערס.
אַף זיי — די גאַל פון זינד,
פון אויסגעליידיקטע ווײַן־פלעשער.

## באַרג אַרוף

אין געלאַפּ מיט אימפּעט, אָן אָפּשטעל,
איך לויף צו אַ ציל...
שטייען ציל־ברעטער אַפן וועג
אָנגעטאָן אין לעבנס און פאַרשטעלן
מיט זייערע שוואַרצע צילינדער־שאָטנס
דעם וועג צום ציל.

---

[1]) קובאַ. [2]) האַוואַנע — נאָענטע צווישן זיך אינדזלען, אין אַטלאַנטישן אָקעאַן; מיטל־אַמעריקע

נעם איך א ביקס אין דער האנט
און איך שיס און איך לויף
בארג ארוף.
עס איז נעענטער צו גיין בארג ארוף,
ווי צו גיין בא דער זײַט.
ס'איז א פרייד
צו העלפן א שטופ צו טאָן די צײַט בארג ארוף.
היי, ברידער, מיט אימפעט!
היי, ברודער, מיט שטורעם!
מיט ביקס אין דער האנט בארג ארוף!

# אפן בארג

פלאַטערט א פאָן מיט א האמער און קאָסע—
און אונטן—אן אָפגרונט פון הונגער און נויט;
צעחיגט זיך די אײַזערנע פויסט פון דער מאסע
און ס'הערן זיך שטימען:
מיר ווילן דעם אָפגרונט פון הונגער פארבײַטן—
פארבײַטן די פענער פון שטערנס און שטרײַפן...
אף העלן אף זעטיקן טאָג.
אפן בארג איז א פאָן מיט האמער און קאָסע—
היי! ברידער, מיט אימפעט!
היי, ברידער, צוזאמען א שטויס טאָן
דעם בלוטיקן סוינע אין פלאַמען...
מיט ביקס אין דער האנט בארג ארוף!

# דאָס געזאנג פונ צעפלאמטנ געמיט

דער צעפלאמטער געמיט פארהיט ביינע טריט
פונ שטרויכלונג, אונ גרוב, אונ פונ שפיציקנ שטיינ.
דער צעפלאמטער געמיט קושט מיר אויס איטלעכס וונד
אונ פארסארפעט געשיקט יעדער יאָכיד־געוויינ.
מוטער־ערד האָט א זונ, וועלכע ווארעמט אונ בריט,
וואָס גיסט אָנ יעדנ קנאָספ אונ באשטראלט יעדנ צוויט
די זונ פונ מיינ לייב איז צעפלאמטער געמיט;
אָט די שטענדיקע ליכט פאר געפערלעכע טריט!
דער פלאם אינ געמיט צינדט לויטערער האס,
צו בלוטיקנ האר, וואָס ברענט אזוי שטארק.
אונ די ליבע, וואָס שטראלט צו די בויער פונ וועלט
די, וואָס טראָגנ דעמ יאָכ אפנ בייניקנ בארג.
ווער וויס, וואָס עס וואָלט שוינ געשענ מיט מיינ לייב,
מיט מיינ בייניק לייב אפ דעמ פיינפולנ וועג...
נאָר צעפלאמטער געמיט באשיצט מיינע טריט
אונ פירט מיכ געוואגט צו מיינ זוניקנ ברעג.
א מיליאָניקער קנופ איז דער פלאמ פונ געמיט.
אונ איכ אויכ, אונ איכ אויכ—אינ דער מיט, אינ דער מיט!...

# עס טרעפט

עס טרעפט אמאָל,—פונ ווארטנ אפ אביסל פרייד אינ גרויע פיינענדיקע טעג,
מיינ אומגעדולד וואקסט ריזיק אויס,—אונ דריקט ווי א שווערער בארג.
בא זיכ אליינ מיט ביטערניש איכ פרעג:
— פארוואָס זיינענ די יאָרנ
בלויז א לאסט פאר מיינ געבויגענעם, פארהאָרעוועטנ קארק?

— איאָ, איך בין געשראָקן,—אַײַך איז דאָס באַקאַנט, אָט דאָס געפּיל—צי נײַנז
ווען פּײַן און אומגעדולט שפּינט ביטערניש און האַס.
און פּוסטן בײַלן זיך—פֿון זיך אַליין,
און רײַסן זיך מיט ווײַ, צו אונדזער גאַס.

אַפּאַנעם אונדזער בלוט און שווייס,—ווערט, ווי דאָס וואַסער, אינעם
רעגן־דאַמף פֿאַרוואַנדלט.
און זאַמלענדיק זיך אין דער לופֿט—ווי שטורעם־כמאַרעס הענגט דאָס
שווער אַראָפּ.
עס דונערט שוין פֿון צײַט צו צײַט—דער שטורעם וועט באַלד טרעפֿן די,
וואָס האָבן אונדזער שווייס פֿאַרהאַנדלט,
מיט שווערע טראָפּנס, בלײַענע אַף זייער אָפּגעצערטן קאָפּ.

און מיר, וואָס האָבן אונדזער לײַב געדעמפּט,—אונטערן יאָך פֿון האַרטע באַפֿעלן,
מיר וועלן אין די שטורעם־טעג אַרויסשטראָמען צום פֿלאַמענדיקן קריג,
און מיט געזאַנג און פֿרייד דעם ערשטן טראָט—אונדזער ערד באַפֿרײַטע שטעלן.
מיט ברויזנדיקן אימפּעט פֿײַערן דעם גרויסן זיג.

## צו אַ ווײַטיקן ברודער [1]

אָט די טעג, די פּראָסטע וואונדער וועלן ווײַזן,
אָט די טעג פֿאַראָסטע, אײַנגעקלעמט אין אײַזן;
וואָס זשע שטייסטו, ברודער, בא דער זײַט פֿון ווימל,
שטאַרק פֿאַרטראַכט, פֿאַרמויעכט, דוכט זיך, כאַפּסט אַ דרימל.
זע, דײַן גאַנץ פֿאַרמעגן איז אַ דאַרער רענצל—
אין דײַן לערן [2]) מאָגן הונגער כאַפּט אַ טענצל!
אָבער אויכעט יענע, וואָס קאָלטנוו זיי האָבן,
מיין ניט, אַז פֿאַרצווייפֿלונג קומט זיי קיינמאָל שאָבן;
אַף זיי דריקט אַ מוירע יעדע זאַך פֿאַרלירן,
און אַ טויט־שרעק בויערט שטומפּיקע געהירן!
ס'ליגט אַ וועג אַ ברייטער, ס'פֿלאַמען רויטע פֿאָנען,
נאָר דו שטייסט און טראַכסט אַלץ: ווילסט זיך וואָס דערמאָנען?
היי, מײַן ברודער, אָוער איז שוין לאַנג געשטאָרבן—
פֿאַר די העלע דוירעס ברענג אַ קאָרבן!
מ'האָט געענוג אין טראַכטן אָנגעבלאָפּט שוין וועלטן;
היי, געמיינע טראַכטער!—ס'ווילט זיך מיר ניט שעלטן.
דוירעס לאַנג געמויעכט וועגן שוואַרצע געטער...

[1]) געשריבן אין דער צײַט פֿון די וואַלן (ס. קריפּטאַג). [2]) לערן—פּוסטן.

און קולטור און יוישער אויסגעטראכט זיך שפעטער.
ווער האָט צײַט אצינדער טראכטעניש צײלן,
פאר די העלע דוירעס—שימל ברענג א קאָרבן!
הײ, צו וואָס דאָס טראכטן, הונגעריקע ברידער!
לאָז דײַן שטים די שטארקע הערן אין גערודער.
ס׳פלאטערט איצט דײַן גורל אף די רויטע פאָנען—
ס׳איז ניטאָ פון אָווער וואָס זיך צו דערמאָנען.

# אין אונטערערד

ווען שווארצע, סאמעטענע, נאכט פארהילן וועט די גאסן,
און הילכן וועט בלויז שארפער בראזג פון זעלטענע טראמוויען;
וועט ערגעץ אין א צימערל, א שמאָלינקן און נאסן
די מידקײַט פון די טעג זיך צעָרנדיק צעשרײַען...

און אײנער וועט דאָרט שפאנען מיט טריט אזעלכע הארטע;
אזא, וואָס שלעפט זיך נויט אים נאָך פון קינדערשן וויגל,
אזא—פאר וועמענס לײַב דאָס בײנערדיק פארדארטע,
האָט שווארצער פאָרעץ אָנגעגרײט א זשאווערדיקן ריגל.

וועט ער בא נאסע ווענט פארשימלטע און גרינע
פארטײַעט און געהײמניספול עפענען א קויש;
אוועקלאָזן אין גאנג א דראָבנע דרוק־מאשינע,
וועלן הערן טויבע ווענט בלויז איר פארשטיקטן רויש;
געדיכטע קעלער־לופט וועט שווער זײַן אָטעם־שטיקן,
באם קויש וועט צאנקען שטיל א גראָשנדיקער ליכט;
נאָר ער וועט מידקײַט טאָגיקע און שווארצע רעק פארדריקן
אין אופמעדקזאמער אָנשטרענגונג פון שפּיציקן געזיכט...

— — — ערגעץ וואָרפן הויכע הײַזער פאסן ליכט פון פענצטער
— ווו אויגן שארפע אָדלערשע, וואָס קוקן אויס נאָך רויב;
עס קריכן אף די ווענט דאָ שאָטנס ווי געשפענסטער
פון דעקעס שווערע וואָלענע, וואָס דעקן צו די שויב...
— — — — — — — — — — — — —

ווען אפן פּײַכטן דיל האָבן בלעטער זיך געבערגלט,
פארשפרײטנדיק ארום ס׳גערוך פון פרישן דרוק—
האָט קלימפּער פונעם טאָג ס׳פארהילטע טיר געעקבערט
מיט פארטאָגיקן טראמווײַען־בראזג און פורלעך אפן ברוק.

# אַרגענטינע—בירעבידזשאַן

**די איבערוואַנדערער פון אַרגענטינע קיין בירעבידזשאַן דערציילן**

מײַן איטלעכער טאָג אין געראַנגל מיט נויט,
איז שווער ווי מײַן מי פון עם גרויען קאַיאָר.
נאָר אָפט גייט אויף פרייד ווי געזײַערטער ברויט,
און ס'ווערט יעדער טאָג אַזוי לויטער און קלאָר.
ווען כ'נעם נאָר אין האַנט אַ סאָוועטיש בלאַט,
וואַקסט אויס פאַר מײַן אויג אַזאַ זוניקע וועלט:
ס'איז איטלעכער וואָרט דאָרט אַ הייטער פּלאַקאַט,
און ס'וואַרפט אַזש פון טעמפּן אין היץ און אין קעלט!
עס פּלאַטערט מײַן האַרץ דאָ באַ יעטווידער זיג,
און איך פריי זיך פאַר דאַנען, און איך פריי זיך פאַר דאָרטן;
ס'איז שווער דער געראַנגל און בלוטיק דער קריג
אין איטלעכן לאַנד און אָפּ איטלעכן אָרט.
איך האָב שוין מײַן היים ווי צעשמאָלצן אין גלוט
פון קאַמפּן אָט דאָ אינעם זוניקן לאַנד.
ס'פליסט נאָך אַפילע אינדיאַנישע בלוט,
און מיט קעמפּערס לייבאָר [1]) באַ פּלאַטישן ראַנד [2])
נאָר כ'ווייס ניט, פאַרוואָס מיר דערמאָנט זיך אַצינד
מײַן טאַטע דערציילט, און איך נאָך אַ קינד,—
מײַן טאַטע דערציילט מיר: „אַ רײַכער באַראָן [3])
האָט אָרעמע יידלעך גוטס געוואָלט טאָן"...
און כ'ווייס ניט פאַרוואָס—איך דערזע אַזוי קלאָר:
„ציאָניזם" [4]) „איקאָ" [5]) באַלעגופּישע שלעק.
(ס'איז עפּשער דערפאַר, וואָס קיין בירעבידזשאַן
אַ גרופּע כאַוויירים עס פאָרט איצט אַוועק)

— — — — — — — — — — — — — —

און נאָך איך דערמאָן זיך: דער ניעמאַן [6]) מײַן שטאָט.
אַ זויבערער, ווײַסער און גערוימער וואָקזאַל;
אַ בינטל קאָרבאָנעס פאַר „היילקן" לאַנד" [7])
פאַרהילכן מיט קלאַנגען פון „האַטיקוואָ" דעם זאַל.
איך בין געשטאַנען באַם זײַט פון פּעראָן,

[1]) לייבאָר—אַרבעטער. [2]) פּלאַטישן ראַנד—אַ פלאַכער הייכלאַנד. [3]) באַראָן הירש, וואָס האָט אין די 90־קער יאָר פון פאָריקן יאָרהונדערט אָרגאַניזירט אַ פילאַנטראָפּישע אָרג. פאַר יידישער עמיגראַציע. [4]) ציאָניזם—אַ יידישע בורזשואַזע באַוועגונג, [5]) איקאָ—אַ בורזשואַזע פילאַנטראָפּישע אָרג. פאַר איבערוואַנדערונג. [6]) ניעמאַן—אַ טײַך אין ליטע. [7]) „היילקע־לאַנד"—פּאַלעסטינע.

אין צאר און צאָרן פארביסן א ליפּ!
א שווארצינקער באָכעל, דאר, ווי א שפּאָן,
מיסטאָמע פון באַראָכאָווס[1]) „סגולעס״ גערעדט,
צי עפשער גאָר הערצלס[2]) כאלוימעס געמאָלט.
נאָר איך האָב געטראכט פון סאָוועטישע ערד,
און בייניקע אָרעמס צום קאמף אָנגעשטעלט!
איז באַראָכאָווס „סגולע״ אוועק מיטן רויך
די טרוימער פון ציון—אן ענגלישע שווערד,
נאָר לעניג דער פאָטער האָט פעלקער פארזאָגט:
פאר יידן מיט „גאָים״—קאָמונעס אף ערד.
ס׳וואקסן טעמפּן אין ראטישן לאנד
און ס׳וואקסט אויך דער הונגער נאָך פלייִסיקע הענט.
אין אלע אמעריקעס גייען מיר אום
מיט ציינער פארקריצטע בא טרוקענע ווענט!

— — — — — — — — — — —

דערמאָנט זיך מיר איצטער דאָס אלץ, ווען איך זע
א מאכנע פאָרט אָפּ מיטן רויט־געזאנג,
אף רויטער פארמעסטונג, אף שלאָגלערשן טעמפּ
— א מאכנע פאָרט אָפּ אזש קיין בירא־בידזשאַן!
איז גוט מיר. אצינד,—זיי באגלייטן מיט פרייד
צום לאנד דעם באפרייטן, צום לאנד פון סאָצבוי,
וווּ ס׳וואקסן קאָמונעס פארוואָרצלט אין ערד,
געמישטע קאָמונעס פון „ייד״ און פון „גוי״

# אין קאמף

עס ווארטן די טפּיסעס אף מאכנעס צעפּלאמטע,
וואָס זאָלן מיט שטורעם די טירן צעפּראלן,—
עס ווארטן די גאסן אין גליווער פארוועבטע
עס זאָלן זיי מאכנעס צעברויזטע באפאלן.
בא זאטע איז הארבסט, עס איז בא זיי שקיע[3])
און ס׳וועלקט זייער פרייד אף באָדן פארדארטן
עס ווארטן מאשינעס אף זוניקן אימפּעט
און מאכנעס פארהונגערט אף ארבעט עס ווארטן.

---

[1]) באָראָכאָוו — א פירער פון א יידישער קליינבירגערלעכער נאציאָנאליסטישער פארטיי—פּאָאלעי־ציון. [2]) הערצל — דער גרינדער פון דער בורזשואזער ציאָניסטישער פארטיי. [3]) שקיע — זון־פארגאנג.

עס לויפנ די האַרנ פאַרווירט אונ דערשראָקנ,
אונ זוכנ אַנ אויסגאַנג, ווי מײַז אינ אַ פאַסטקע;
וואָס טויג זיי די אויצרעס אפ פעלדער אונ שטאָקנ—
אונ ס'טראָגט זיכ דער אָנזאָג, דער שטורמישער האַסטיק.
עס קוקנ די האַרנ מיט שרעק אפ דער צוקונפט
אונ גרייטנ זיכ איינער דעמ צווייטנ דערשטיקנ—
ווער גלויבט שוינ אַצינד פאַציפיסטישע שווינדלער,
וואָס שאַרפנ די שווערדנ פאַר... „פרידלעכע גליקנ"...
איז ווער וועט קאָרבאָנעס פונ הונגער באַווײַנענ,
ווענ ס'וויקלענ זיכ שלאַכטנ אונ ס'וואַקסנ פראָנטער,
אַז בלוט וועט זיכ גיסנ סײַ ווי אפ די פליינענ,
ווענ גייענ וועלנ מאַכנעס אפ שלאַכט אונ צעשמעטער.
מיר דאַרפנ אַרויסגיינ אפ קאַמפ אונ אפ מאַרטער [1]
מיט אימפּעט אונ דראַנג אונ בלוטיקע פאָנענ
מיר דאַרפנ פונ קאַמפנ אַרויסגיינ נאָכ האַרטער,
אונ וועקנ, אונ בויענ, אונ רופנ, אונ מאָנענ!

1) מאַרטער—מאַרטירער (!)

# יאָסל גאָלדבערג

## קלאָרקייט

דער אָוונט א פארשטילטער איז געלעגן איבער גאסן,
א מידער פונעם טומל, פון געלאפ און פון גערויש;
די נאכט האָט אים פארדעקט, מיט טונקל־גרויע פאסן—
און אליין איבער דער שטאָט ארויס.

שוין פינפטער יאָר, אז איך האָב דאָ די ערד באטראָטן,
ווייס איך דאָ, און קען שוין יעדע גאס און ראָג;
כ'געדענק די טעג, ווען איך האָב זיך געשארט דאָ, ווי א שאָטן,
מיט פאָנעם ברויגעזן פארזאָרגט.

ס'האָט שטאָט אפ מיר ארופגעשליידערט שווערע, שווערע לאסט
און אויסגעהאמערט פעסט מיך שטייפ און הארט;
אָ, שטעטל מיינס, אנטאָפּאָליע, מיט אומעטיקער גאס,—
מיר האָבן זיך צעשיידט מיט דיר — און כ'האָב זיך ניט גענארט!
מיר שטייען דאָ ווי בויער מיט די ציגל, ליים און הענט
און קלאָר איז איצט דער וועג, און פעסט איז איצט דער טראָט,
מיט יעדן טאָג אלץ העכער וואקסן אויס די ווענט,
און פלאקערדיקע פאָנען ווייען אין דער שטאָט.

און גוט איז מיר צו זיין אצינד א טרעגער און א היטער,
און שטייען דאָ אפ דער וואך—א פּאָשעטער סאָלדאט,
אויך דאָ איז שוין די לופט פארסאמט מיט פולווער און מיט ציטער—
איז גרייט בין איך, גרייט, ווי אונדזער יעדער יאט.

א קראנקער פונעם טומל, פון געלאפ און פון גערויש
איז אָוונט א פארשטילטער אויסגעגאנגען אפ די גאסן.
און איך גיי ערשט מיטן פרישן טראָט ארויס,
מיט פענזל און מיט קליי, און מיט א פאק פלאקאטן!

# 1-טער מײַ

א יאָר און צען און פערציק שוין מער—
און אַלץ איז נאָך דער טאָג א טאָג פון קאמף,
און אַלץ איז נאָך דער כאָר פון מיליאָנען־שפאנ
מיט צאָרן פול און פול מיט פּײַן און טרער.

פּראָלעטאריער קלינגען אָן הײַנט אין דער וועלט;
מיר גייען הײַנט ארום מיט דונערדיקן טראָט,
מיט הונגער־טעג, ווי שטײַנער שפּיציקע,
מיט בלײַ און קייטן ריזיקע,
מיט נעמען אויסגעפּאַלענע, צעטראָטענע אין קאמף—
און ס׳קלינגט הײַנט איין מעלאָדיש ליד
און שווערע טריט
אין אַל—
דער אינטערנאציאָנאַל.

א יאָר און צען און פערציק שוין און מער—
און ס׳ווערט דער קוואַל פון נויט
גרויס און גרעסער אַלע יאָר,
און רויטער ווערן אַלץ פון אונדזער בלוט—
די רויטע פאָנען
היי, בורזשוי!
מיר גייען שמעטערן דײַן פונדאמענט,
מיט מײַקע און אָקטיאבערשע קאנאָנען!

# לידער

עס וואקסט אין מיר מײַן אומרו שפּיציק, שארף,
מײַן צאָרן גליט, ווי פײַערדיקע קוילן;
איך ווארט, ס׳זאָל זיגער־טאָן באפוילן—
וועל איך ברויזנדיק פארווארפן מײַנע הענט—

וועל איך ברויזנדיק פארווארפן מײַנע הענט
אף ווענט,
וואָס האָבן צו דער הויכקײַט געשטיגן,
געשטיגן—און פון אונדז דאָס בלוט געזויגן—
און אין פּײַנען אונדז פארקלעמט.

עס וואקסט אין מיר מײַן אומרו, שפּיציק, שארף,
ווי די דערנער אפ מײַן וועג, און ווי די גרוילן
און איך וואַרט, עס זאָל שוין זיגער־טאָג באפוילן:
צינד!

טיפער ווערט די נאכט, און שאָטנס שפּאנען, שפּאנען אום
און לעשן אויס די לויטערקייַט, וואָס רײַסט זיך פון ארום.
עס כאָרכלט עמעצער און עמעצ לאכט,—
און טיפער ווערט די נאכט, ווי שטילקייַט פאר א שלאכט.

עס ארמט זיך די פינצטערניש מיט שרעק,
און העק פארבלוטיקטע פארמעסטן זיך אפ קעפ
וואָס שטײַגן דרייסטער ארויס פון פלאמען — — —
טיפער ווערט די נאכט, ווי שטילקייַט פאר א שלאכט,
און קייטן קלינגען און זיי רינגלען זיך מיט א געוויין.
נאָר פון די ווײַטן שפּאנט א מאסע שארף,
שפּאנט א מאסע שארף מיט קריצנדיקע ציין.

---

## יאנקעוו פלאפאן

# צום ערשטן מײַ

(אימפּראָוויזאַציע)

ערשטער מײַ—
אַזאַ צאַרטער, אַזאַ בלויער, שטילער קלאַנג—
דאַכט זיך, ווײַסע פּיסלעך טאַנצן אום אַ זיג־געזאַנג,

ערשטער מײַ—
שווערע טראַגישע גלאָקן—
איבער שוואַרצן רויבערשן טשיקאַגאָ.

ערשטער מײַ—
אַ בלוטיקער פּלאַטער איבער אונדזערע קעפּ,
איבער אונדזערע שטאָלצע בונטאַרע קעפּ.

ערשטער מײַ—
אַ בלויער קאָפּ שטראַלט אויף אין רויטן אומרו
פון אַלע אונדזערע פיבערדיקע פּולסן.

ערשטער מײַ—
שטאָלענע רײַטער אין אַ בליציק געריײַט
פאָרויס פון מאַכנעס אָנגרײַפנדיקע פּראָלעטאַריער.

ערשטער מײַ—
שווערע קופּערנע טריט פון זינגענדיקע ברידער
צו די פריידיקע שטעט פון באַפרײַטע גלידער.

ערשטער מײַ—
יאָרלאַנג—פּאַרזיי פון אונדזער צאָרן—
ס׳שפּראָצט שוין מיט פרייד דער רויטער קאָרן.

ערשטער מײַ—
גרויסער ווײַטער קאָנדאָר [1]) אין מעכטיקן פלי,
צאָרנדיקער גלי און פרייד פון רויטן צווײַג.

---

[1]) קאָנדאָר — אַן אָדלער.

# מײַן לאָמפּ

מײַן לאָמפּ,
מײַן שאַרפער באַלײַכטער פון אָדערן און בלוט,
שטײט שױן פעסט פאַרשמידט
אַף די שאַרפע געלײַטערטע ראַנדן פון מײַן געמיט.
אָ, כ'װיל װערן דער גרױסער רױטער רעפלעקטאָר
אַף באַלײַכטן און צײכענען דעם גרױסן שליאַך
פאַר די שטרענגע טריט פון אונדזערע דרײסטע בונטאַרן.
ניט בעכינעם האָבן די מאַמעס פון מײַן קלאַס
דורעס־לאַנג געשפּונען מײַנע פעסטע אָדערן, —
טאָ זאָלן זײ זײַן די געפלעכטן פאַר די רױטע קנױטן,
ניט בעכינעם האָבן די ברידער פון מײַן קלאַס
מיט אַזױ פיל ליבע געכאָװעט מײַן בלוט, —
טאָ זאָל עס זײַן דער בױמל אין מײַן לאָמפּ
און אין אַלע לאָמפּן אַף די פענצטער פון אונדזער געמיט.
און דערפאַר שטײ איך אַזױ אונטער די רױטע פענצטער
צעשטראַלט און צעזונגען מיט אַלע מײַנע שאַרפע און געגרײטע גלידער.
און דערפאַר שאַלן מײַנע בײנער אַ גליקלעך רױטן שאַל:
— דער װעג איז באַלױכטן, דער װעג איז שױן קלאָר
מיט לאָמפּן פון אָדער, מיט לאָמפּן פון בלוט,
און פאַר די אױגן טאַנצט אַ שאַרף געשריפט:
— כ'װער אַ גרױסער רױטער רעפלעקטער פאַר יונגע טריט!

# ס'ליד פון די הײצערס

הערט, הערט אונדזער ליד,
ס'געזאַנג פון די הײצערס,
פון די הױכע באַקױלטע יונגען,
מיט לונגען,
װי פאַרלאַנדיקע זעגלען
אין אַ װוּנדערלעך רױטן פּלאַסער.
הערט, הערט!
אונדזערע הענט זײַנען ניט װײַס און געצערטלט —
אָ!
זײ זײַנען גאָרניט אומגעװײנלעך שײן,
אונדזערע שװאַרצע קעפּ
האָבן ניט קײן זײַדענע לאָקן פון פרײדן,

מיט קרענץ געפלאָכטן דורך ווײַבערשע פינגער.
אָ!
געגאַרטלטע קעפּ
מיט שטאָלענע נאַקנס,
מיט געקאַרבטע שטערנס...
אונדזערע באַהאָרטע פּיס
ווייסן ניט דעם שאָרך פון געוועקסטע דילן
אין טאַנץ
מיט ראָזע און בלויע ווײַבערשע פּיס.
מיר זיצן גאָר אין רעדער,
אַף שוואַרצע פינקלדיקע קוילן,
מיט בראָנדזענע פויסטן אַף הויך,
באַם האַלב־רויטן ליכט פון די אויוונס—
כמורנע,—
טיפּע,
מיט שטרענגע געשלאָסענע מײַלער.
אָ! מיר זײַנען דעמלט שטראַלנדיק שיין,
אַזש איבער אונדזערע קעפּ
וואָלקנס,
ווי ווײַסע לעמער,
צעגלייען זיך מיטן פײַנסטן ראָז
און הערן זיך צו מיט האַרץ־קלאַפּ,
מיט די שטילסטע צאַפּלען אין די לופטיקע לײַבער
צו אונדזער מאָנענדיק שווײַגן,
צו אונדזער מעכטיק געזאַנג פון בלוס,
וואָס טראָגט זיך ווײַט און ברייט,
ווי די רויטע אָדלערס,
אָנזאָגערס
פון דעם שענסטן ווײַטסטן אָנהייב.
הערט, הערט!
ס'אייביקע געזאַנג פון די הייצערס.

---

# ה. בלאָשטײן

געבאָרן אין 1895 יאָר אין קאָװנער גוב. א לערער. א ליטעראט. דער פאָטער — א דאָרפישער שנײַדער. דרוקט זיך פון 1912 יאָר. אין דער קאָמוניסטישער פרעסע — פון 1920 יאָר. אין 1923 יאָר אָפּגעפאָרן קײן ארגענטינע. אָנטײלגענומען אין דער ארגענטינער רעװאָל. באװעגונג. געװען רעדאקטער פון זשורנאל „נײַ־װעלט“. סאָף 1931 יאָר ארױסגעשיקט געװאָרן פון ארגענטינע. לעבט איצט אין סאָװעטנפארבאנד.

## מיר זינגען אנדערש דאָ

מיר זינגען אנדערש דאָ —
מיר מוזן שרײַען,
מיר מוזן נעמען אָפּט
דעם העכסטן טאָן.
אפ באריקאדן־רוקנס
פאר באפרײַונג,
װען לאנד און לעבן
שטײען שארף אין קאָן;
װען יאָך דעם הארטן רוקן
נאָך צעהױקערט,
און יעדע שאָ טראָגט פלאם אין טראכט —
מוז יעדער דיכטער
זײַן א הארטער פױקער
און יעדער ליד —
א רוף אין שלאכט!
מיר זינגען אנדערש דאָ —
און זינגען ריכטיק!
מיר האָבן אונדזער
טרײַע מאָס!
— דער סױנע רעדט
פון אונדזער רױטער דיכטונג
מיט שװארצן און מיט גאליקן פארדראָס...
און ס׳אפּלאָדירט אונדז קעמפנדיקער כאװער
אפ ארגענטינער ברענענדיקער ערד! —
איז װער דארף לידער איצט
װי פארבנרײַכע פאװעס,
און װער דארף פידלען איצט
אין טאָג פון פױק און שװערד!

# מאָמענטנ

וואָס איז פאר אונדז דענ ניט קיינ טעמע פאר א ליד,
ס'זאָל אונדזער פרייד זיכ שטורעמדיק צעשרײַענ?—
אפ ווײַטנ ראטנפעלד א זאטער שניט,
א טראקטער פאר א קאָלעקטיוו א נײַעמ;

א העכערער פּיראַזש פונ א קאָמצײַטונג,
א קעמפערישער „פאבקאָמ" אינ א פאבריק,
צי נאָכ א שפּאנ פּאָרויס אינ כינע־לאנד אינ ווײַטנ,
צי גאָר א וואנט־פּלאקאט, וואָס שרײַט פונ קאמפ אונ זיג—
ס'איז אלצ פאר אונדז א סימכע אונ א ליד,
וואָס מאכט דאָס הארצ אונדז קלאפּנ גיכ אונ גיכער,
ווי ס'קלאפּט א מאמעס הארצ בא יעדנ נײַעמ טריט,
וואָס ס'מאכט איר קינד, געראָטנ, פעסט אונ זיכער.

אונ ווער פונ אונדז וועט ווערנ דענ אנטמוטיקט,
וואָס אפ מאָמענטנ ווערט זײַנ ליד פארשווענדט!—
עס האָבנ א י ב י ק ײַ ט נ דאָכ געבלוטיקט
פאר אונדזער איטלעכנ מאָמענט!

# מאשינענ

(פונ אנ ארבעטער־טאָג־בוכ)

... ס'גייט איצט בא אונדז א סעדרע ראציאָנאליזאציע [1]
מע שטעלט א נײַעמ מינ מאשינעס אינ פאבריק.
נו, שמעקט פאר מיר מיט לאנגטערמיניקע „וואקאציעס"—
ס'וועט די פאבריק אונדז אויסשפּײַענ—א פּופּצנ שטיק!

אונ קומענ וועט א צײַט א ביטערע, א הארבע,
מיט נאכטלעגער אינ פּארק אונ מיט מוזיק אינ בויכ,
אונ מיט פארטאָגנ מידע אינ גייענ נאָכ ארבעט,
אונ אָנ א פּאפּיראָס,—כאָטש שלינג א פרעמדנ רויכ!

אונ כ'קוק אינ גלאנצנדיקנ בליק פונ די מאשינענ,—
ס'איז איטלעכ רעדעלע מיט כאָכמע פול אונ שײַנס;

[1] דאָס ליד איז אָנגעשריבנ געוואָרנ נאָכ איידער ס'האָט זיכ אנטוויקלט דער קריזיס פונ קאפּי־טאליזמ אינ זײַנ איצטערדיקנ פארנעם.

און ס׳פּלאָנטערט מיר זיך אַלץ אַ לידעלע אין זינען:
— „איך דאַרף אײַך האָבן ליב—און מוז אײַך האָבן פײַנט!

איר קענט דאָך אַזוי גרינג מײַן לעבן מאַכן גרינגער—
און זײַט געקומען גאָר—דאָס מאַכן דאָפּלט שווער!—
און ס׳דרייען זיך צווניפּ אין פויסטן מײַנע פינגער,
און עפּעס שרײַט אין מיר:—צעברעך אַלץ און צעשטער!

גאָר ס׳זעצט זיך אָפּ דער שוים פון צאָרניקע מינוטן,
און העלע וואַרעמקײַט צעגיסט זיך אין מײַן טיפ:—
כ׳האָב אין סאָוועטנלאַנד אַ ברודערל אַ גוטן.
און נעכטן ערשט באַקומען זײַנס אַ בריוו.

איז שרײַבט ער מיר—און פרייד קוועלט אין די שורעס:
„געבראַכט אַ נײַעם מין מאַשין אין פאַבריק!
איז שטייען זיי, די טײַערע, ווי גוטע בסורעס
אָפּ זאַטקײַט און אָפּרו, אָפּ גווורע און אָפּ גליק“...

און נאָכדעם שרײַבט ער מיר: דער פינפיאָר איז געזיכערט,
און יעדן בויערס קאָפּ איז זוניק דורכגעהעלט...
מע זאָגט: ס׳וועט גאָר גיך אַ רויטער וויכער
אַראָפּשווענקען דאָס שלעכטס פון גאָר דער וועלט!

מיר וואַקסן דאָ געזונט און גוווּרעדיק, ווי דעמבעס,
און יעטווידע מאַשין מאַכט פּרוכטבאַרער די בייס...
אַז ס׳וועט אַ קלאַפּ טאָן אויך בא אײַך דער רווישיקער נאָוועמבער,
וועסטו פאַרשטיין דעם פּשאַט פון מײַנע רייד!“

איז טראַכט איך פון דעם בריוו, און קוק אָפּ די מאַשינען,
און יעדערן פון זיי אַ רויטן נאָמען כ׳גיב — — —
און ס׳זינגט זיך אַלץ מיר שטיל אַ לידעלע אין זינען:
— איך האָב אײַך ליב, מאַשינען, כ׳האָב אײַך ליב!

## מיר עפענען אַ ביבליאָטעק

דער לאַנגער הויף פון ערשטער שול
איז ווידער הײַנט מיט שׂימחה פול—
מיט קינדער־עלטערן און געסט;
מען זיצט, מע שטייט צוזויפנגעפּרעסט.

די ווענט—באַפּוצט מיט בענדער רויט;
און איבער אונדז א הימל בלויט,
א זומער־אָוונט קיל און מילד—
דאָס וועטער האָט אונדז צוגעשפּילט!

און אויבן אָן, אין הויך אין ברייט—
א נײַער אַלמער ביכער שטייט:
אין יעדן קנייטש פון ברוינעם האַלז
איז אונדזער פרייד, איז אונדזער שטאָלץ...

אָ, וויפל ליבע האָט די האַנט
אַרײַנגעטאָן אין יעדער וואַנט,
אין יעדן וואַנט און אין קאַרניז,—
אָ, זעט, ווי שיין דער אַלמער איז!

דאָס האָבן טאַטעס דאָך געבויט
אין זונטיק־טעג מיט פרײַע הענט,
און בא דער שווער פאַרזאָרגטער נויט
אָפּ האַלז געריבן דעם לעצטן סענט!

און בא דער אַרבעט—לידער רויט
באַפאַרבן האָבן זונטיק־טעג...
דאָס האָבן טאַטעס דאָך געבויט
פאַר קינדערלעך א ביבליאָטעק!

געדויערט האָט עס טאַקע לאַנג—
אין וואָך איין זונטיק נאָר איז דאָ...
דאָך. הײַנט איז פאַרטיק שוין דער שראַנק
און פול מיט שׂימחה איז די שאָ.

און פול מיט ביכער איז דער שראַנק,
און פול מיט ליכט אין זייער שפּראַך...—
און דאָס איז אויך דאָך א געשאַנק
פון טאַטעס אָרעמע אַסאַך!

באַלד וועט זיך עפענען די טיר
באַם קלאַנג פון „אינטערנאַציאָנאַל" —
און ס'וועט אָפּ אונדז, פון הינטער איר,
זיך אָנצינדן א נײַער שטראַל — —

נאָר וואַרט, ס'איז אַ זכיה אַ גרויסע דידאָזיקע טיר צו צעפּראַלן,
אַזוי ווי צו שטעלן אַ פוס אין אַ נאָר וואָס געפונענעם לאַנד...
און יעטווידער טאַטע און מאַמע, און יעטווידער גאַסט איז אַ באַלן
מיט פינגער פאַרצאַפּלטע שנײַדן באַם טיר־שלאָס דעם פורפורנעם באַנד.

נו, פּלעט מען דעם זעלטענעם קאָוועד,—די זכיה וועט יענער באַקומען,
ווער ס'וועט מער אַפּ ביכער אַפּ נײַע אַרײַנטראָגן געלט.
און ס'וואַקסן די סענטנס און פּעוזאַס—ס'איז דאָ שוין אַ שלאַל מיט מעזומען,
און ס'קאָל באַ דעם פּלעטער, דעם טאַטן—עס זינגט און עס קוועלט...

דער פּלעט איז געענדיקט. דער גליקלעכער עפנט די טירן.
עס ציטערט די האַנט אים. זײַן פּאָנעם איז גליקלעך און בלאַס...
און הונדערטער פּענעמער שטראַלן, און הונדערטער הענט אַפּלאָדירן,
און וואו־ניט־וואו שימערט אַפּ אויגן אַ פײַכטער עקסטאַז [1]

איך קוק אַפּ גליקלעכן טאַטן און טראַכט מיר: „אַפּ מאָרגן
באַ דיר דאָרט אין צימער אין ענגן וועט פּעלן אַפּ ברויט;
דאָך וועסטו אַ ליכטיקער שמייכלען צווישן די כמאַרעס פון זאָרגן,
און פילן אַפּ פינגער דעם גלעט נאָך פון באַנד אַזוי סימכעדיק רויט".

# בלויע רעק

## 1

בלויע רעק און רויטע סינדיקאַטן [2]
און אַרבקלובן רויטע—בלויע רעק!
פּענעמער—פאַרשיקערטע און בלאַסע,
ווערטער—בלוטיקע פאַגראָמענדיקע העק.

ביכער־אַלמערס... וווּנדן אין די דיכן—
ס'האָט אַפּ זיי געהוליעט ווילדער שפּיז.
ביכער ליבע, לעבעדיקע ביכער
מיט צעפּליקטע הערצער אונטער פיס!

לענינס בילד—מיט לעכער אונטערן שטערן...
ראָזע ליוקסעמבורג—מיט בלאָטע־רייד באַשפּריצט...
אין אַפּ פּאָן מיט פלאַמענדיקע שטערן
האָט אַ שווערד אַ שיקערע געבליצט.

---

[1]) עקסטאַז — באַגײַסטערונג, אַנטציקונג. [2]) פּראָפעסיאָנעלע פאַרייַנען.

בענק און טישן—אָ, פיל מי און לידער
האָבן מיר אין האַלז אַרײַנגעטאָן—
ווײנען זיי מיט אויסגעדרייטע גלידער
פאַר צעוווּנדיקט־בלוטנדיקער פאָן...

נאָר אַ „מאָפּר־פּלאַקאַט" אַף וואַנט איז גאַנץ געבליבן,
קוקט פון שטײַג אַ באַנדאַזשירטער קאָפּ,
און עס שרײַען בלוט־פאַרבאַקטע ליפּן:
קומט! באַפרײַט! צעאָלט אָפּ!

2

אָפּגעטאָן דאָס „פײַנע" שטיקל אַרבעט
און פאַרהיט די „פרײַע רעפּובליק".
זײַנען זיי אַוועק,
די בלויע רעק
מיט בלוט אַף אַרבל,
און מיר בויען שוין צוריק!
— — — — — — — — —

און ווידער רוישט און קעמפט דער ווײַטער פּראָפּאַרײַנ,
און האַלט געטרײַע וואַך אַף אָנגעטרויטנ אָרט;
אין די קלובן זײַנען אָונטן געדיכט,
און זאַל מיט ליכט
פון פלאַמענדיקן פײַערדיקן וואָרט.

ס'וועט קיינער ניט פאַרהאַלטן אונדזער גאַנג!
זיי וועלן קומען אַזוי לאַנג, די בלויע רעק,
ביז ס'וועט צוריק פון זיי קיינער ניט אַוועק.

# אַרגענטינע

אָ, גרינג און ליכטיק לאַנד פון שעפּעדיקע ערדן—
שוין לאַנג ניטאָ די פרייד פון זאַטקײַט אין דײַן גרינג
און ס'שנײַדן הונגער־טעג, ווי פּנימעדיקע שווערדן,
די לײַבער פון די בעסטע דײַנע זין!

און ס'צאָרענע פאַרפּײַניקטע פּראָווינצן:
— „מיר טריקענען פאַר דאָרשט, און וואָס באַטײַט דאָס וואַסער־
נאָר ס'הוליען דײַנע פּריצים נאָך, ווי פּרינצן,
באַוואַכט מיט רעפּאָרמיסטישן פּאַראַט!

... אז ס'פלאַטערט איבער קוואָרים פון מארטירער
א וואָרט אַן אָדלערדיקס אזא, א פלינקס—
און מאכנעס כאפּן אופ דעם אופרופ און מארשירן—
אַפ לינקס! אַפ לינקס! אַפ לינקס!

אומזיסט דאָס פלאַפלען אײַערס, ליגנערישע הארפּן
פון פאציפיסטישע פארקויפטע הינט—
עס שנײַדן הונגער־טעג מיט בלוטנדיקע שארפן
די בלינדסטע אויגן אופ—און ווער קען זײַן איצט בלינד!

צעברענט אין כמארעס זיך א בלוטיקע „טאָרמענטע" [1]
און ווילנס זײַנען בליצנדיק פארשפיצט...
ס'האָט קײנמאָל נאָך ווי איצט געדריקט די פענטע,
ס'האָבן נאָך קײנמאָל ניט פיס געיאָגט צום מארש ווי איצט!

# קאָמיוגיסטן קלעפּן פלאַקאטן

... יונגען—הויך און פלײצעס—שארף,
פעסטע פיס און הארטע הענט.
גײט מען מונטער און מע ווארפט
רויטע לאָזונגען אַפ ווענט.

אײנער טראָגט אַן עמער קלײ
מיט א פענדזל אינדערמיט,
און דער צווײטער—ראָלקעס צוױי
פון פלאַקאטן—דינאמיט...

יונגען גײען זיכער פעסט
אופרײַסן די אלטע וועלט,
אויסברענען די שווארצע פעסט
פון איר פוילנדיקער פעל.

און ווו יונגען גײען דורך—
שטעלט אַפ ווענט זיך אָפּ א יאט
און ער רופט מיט רויטער האנט!
— כאווער, קום אין סינדיקאט!

---

[1] טאָרמענטע — שטורעם.

און ווו יונגען גייען דורך—
בלײַבט אפ מויער א פלאקאט
— ארבעטער! געדענק און ווייס—
„רויטער שטערן״ איז דײַן בלאט!

און ווו יונגען גייען דורך
מיטן עמער פעסטן קליי—
שרײַען ווענט מיט רויטן מויל!
— קום צום מיטינג פון פארטיי!

און ווו יונגען גייען דורך,
בלײַבט א רויטער פרישער סליאד,—
און ס׳באגינט אינמיטן נאכט
א רויטער מאָרגן אפ פלאקאט!

## 27-טער דעקאבער 1926 יאָר

אין דער נאכט אפן 27־טן דעקאבער 1926 יאָר האָבן די פאשיסטן פארכאפט די מאכט אין ליטע און דערמאָרדעט די פיר העלדישע ארבעטער-פירער פאָזשעלאָ, געדריס, גרייפנבערג און טשארני.

דאָס איז דאָך, דוכט זיך, נעכטן ערשט געוועזן:
א זוניקער פרימאָרגן, אזא לינדער.
איך קויף א מאָרגן־צײַטונג— און איך זע...
און ס׳ווערט מײַן אויג געשלאָגן מיט א בלינדקײַט.

איך כאפ דעם אָטעם קוים און קלעם צונויף דאָס בלאט,
און לייען שטום מיט נעפלדיקע אויגן.
אָ, היים, מײַן היים! האָסט ווייניק אומגליקן געהאט,
וואָס ס׳האָט א נאכט אזא זיך איבער דיר פארצויגן?!

פארצויגן— און די העלסטע ברידער פיר
פארבלוטיקטע געוואָרפן אפ די שנייען;
און פאָנען שווארצע וויייען איבער דיר,
ווי שווארצע דעקטיכער אין ווינט אפ מייסים ווייען— —

ציטערט אוף דער ווייטיק אין מײַן האנט
און מײַנע אויגן— ענגער אלץ און שמעלער—
— עס וואלגערן זיך שטום פארוויייעטע בא א וואנט
פיר קעפ אזעלכע טײַערע און העלע.

װייטיקט מײַן הארץ, פאר מײַן אומגליקלעך לאנד,
קלאָגט זיך מײַן ליטװישע ערד אין מײַן הארצן:
— זון מײַנער, פילסטו פון װײַטן מײַן שאנד—
הײַנט איז בא מיר דאָך א יאָנטעװ א שװארצער!

עס ליגן פארבלוטיקט פיר קעפּ בא א װאנט
און ס'װאָיעט דער „אײַזערנער װאָלף" [1] אין מײַן הארצן—
זון מײַנער! זעסטו פון װײַטן מײַן שאנד?
הײַנט איז בא מיר דאָך א יאָנטעװ א שװארצער!

# באַם לייענען קאָװנער „פּיאָנער"

כ'האָב געלייענט—און געפרייט זיך און געטרויערט,
כ'האָב געלייענט—און געשמייכלט דורך א טרער;
כ'האָב אײַך, קינדערלעך, באװונדערט און באדויערט—
און געגלעט די בלעטלעך פון „פּיאָנער".

טיף באהאלטן אין א װאלד, צי אין א קעלער
מיט א ציטערל אין הארצן און אין האנט,
װארפט איר װערטער־שפּיזן העל און העלער
אין דער נאכט פון אײַער אומגליקלעכן לאנד.

טיף באהאלטן אין א װאלד, צי אין א קעלער
שמידט איר רינגען אײַך אין אונדזער רױטער קייט—
רינג פון גרייפּן־בערג, פון נעדריס, פון פּאָזשעלאָ,
רינג פון טשארני—און איר גרייט זיך, און זײַט גרייט!

„שמיץ און טפּיסע... ארעסטירט הײַנט אונדזער לערער"...
דאָך——„מיר שאפן שוין אצינד א פינפטן רינג"!!—
און איך לייען—און די אויגן װערן קלערער,
און איך אָטעם שװער—און ס'װערט מיר אזוי גרינג.

„שמיץ און טפּיסע... נאָר עס װעט אונדז דאָך געלינגען
עפּעס אופּצוטאָן אין שול און אין װארשטאט"—
און די נעמען פון מארטירער אף די „רינגען"
זע איך שײַנען איבער קאָפּ פון יעדן יאט!

---

[1] „אײַזערנער װאָלף" — א פאשיסטישע אָרגאניזאציע אין ליטע.

און איך לאָז מיט ווי אראָפּ די ברעמען—
קומט פון אויסגעברענטע טעג א לײַכטער רויך...
כ'קען דאָך, קינדערלעך, אײַך אלע בא די נעמען
און די טאטעס, און די שטיבלעך דאָך אויך!

און איך זע די הענטלעך דורך די אויסיעס,
און איך גלעט זיי אין מײַן זינען שטיל און צארט;
איר זײַט זיכער היינט שוין אלע גרויסע
און די הענטלעך פארהאָרעוועט און הארט!

און איר לאכט מיסטאָמע ווייניקער און שטילער:—
וואלד און קעלער לערנען—לעבן שטילערהייט...
ביז עס וועט זיך איבער אײַך צעשפּילן
און צעהילכן רויטע אויסלייז־פרייד!

## געזאנג צו דער „מאָפּר"-ארמיי

ס'איז שארף אונדזער וועג, ווי דער שווערדישער שטאָל,
ס,ווערט הייסער דער שלאכט פון מינוט צו מינוט.—
ווער קען דען א בארג, און ווער קען דען א טאָל,
וואָס ווייסט ניט דעם טאם נאָך פון אונדזערע בלוט?

און ווער קען אונדז ווײַזן א טפיסע, וואָס האָט
בא זיך אין די ווענט ניט געהערט אונדזער זיפצ?
און יעטווידער שטעטל, און יעטווידער שטאָט
טראָגט שטום אפן שטערן א בלוטיק געשריפטס:

„דאָ האָט מען געהאנגען, דאָ האָט מען געקעפּט,
דאָ האָט מען געשאָסן, פארטאָג און פארנאכט,
דאָ האָט מען געריסן פאר בריסט און פאר צעפּ,
דאָ האָט פאר יעסורים זיך וואנזינ [1]) צעלאכט"...

און ווער וועט אונדז ווײַזן אפ גווירישער ערד
א ווינקל אזא, וווּ עס קלאָגקט ניט די נויט?—
ס'איז שארף אונדזער וועג, ווי דער שטאָל פונעם שווערד
און ס'פלאקערן שלאכטן אפ לעבן און טויט!

נאָר איינס איז באשטימט שוין פון לאנג, שוין פון לאנג:
— ס'וועט פאלן דאָס שלעכטס אפ זײַן אייגענעם שפּיז —
דערפאר קען ניט קיינער פארהאלטן דעם גאנג
פון אונדזערע באָרוועס צעבלוטיקטע פיס!

---

[1]) וואנזינ—מעשוגאאסן זינלאָזיקײַט.

... מיר רוקן זיך אָן, ווי א כמארע, אפ אײַך,
מיט דונער פונ צאָרנ אונ בליצנ פונ צאר;
אונ יעדער פונ אונדז אינ געפעכט איז צוגליַיך
אי א העלדישער זעלנער, אי פראָנט־סאניטאר!

מיר סטראָיענ זיך אויבנ אונ אונטער דער ערד
ארום אָט דער פאָנ מיט געפענטעטער האנט:
מיר בינדנ די ווּנדנ אונ שארפנ דעם שווערד,
אונ לעשנ דעם ווייטיק—מיט גרייטנ דעם בראנד!

ווען קומענ דער טאָג פונ יעסורים אונ פרייד,
ווען שלאָגנ די שאָ פונעם רומפולנ באנג—
ער, וועלנ מיר דאנ—יונג אונ אלט, קינד אונ קייט,
א שפאנ טאָג פאָרויס איבער וועלט מיט געזאנג!

## הונגער-מארש אפ לאָנדאָנ

... איינס אונ צוויי, איינס אונ צוויי—
הונגעריקע ריי נאָך ריי,
פירט אונדז צאָרנ ברויזנדער
פונ הונדערטער, פונ טויזנטער!
פאראָרעמטע, צעבלוטיקטע,
כאווײרים, דרייסטער, מוטיקער!
איינס אונ צוויי, אונ דרײַ, אונ פיר —
אפ לאָנדאָנ גייענ מיר!

פונ לאָנדאָנ קומענ אלע שלעק,
פונ לאָנדאָנ קומט פאר אונדז דער גרויל—
ס'איז אונדזער לעבנ שווארצ, ווי קויל
אונ בייט אינ וויסטער פײַנ אוועק!
פונ לאָנדאָנ קומענ אלע שלעק!

... אינ אינדאָסטאנ אונ אינ קיטײַ,
אונ קאפשטאט־לאנד אונ אינ באָמביי—
ווו קרעכצט מענ דענ ניט שטום פאר חיי,
ווו גליווערט ניט דאָס בלוט פאר שרעק,
ווער וואַרפט דענ ניט, ווי בלוט א שפײַ
אפ ענגלאנדס קאָפ א וויי־געשריי:
— פונ לאָנדאָנ קומענ אלע שלעק!

טאָ זינגט זשע הויך מיט פולן מויל!
— ס'איז אונדזער לעבן שווארץ, ווי קויל,
נאָר רויט, ווי זון, איז אונדזער פאָן,
און דונערס וואקסן טיף אין הארץ—
אָ, ציטער לאָנדאָן! ס'רוקט זיך אָן,
אפ דיר א כמארע שווארצ!

ס'איז אונדזער מארש—דער ערשטער טאָג
פון גרויסן ליד, וואָס קומט דערנאָך,
ווי דונער פון א וואָלקנבראָך—
דער ערשטער טאָג (אָ, לאָרדן, הערט!)
פון גרויסן ליד, וואָס ברענט און זידט
און שווענקט אייך אָפ פון אונדזער ערד,
ווי א צעגליטער לאווע־קוואל — — —
געפעלט אייך עפעס, זאָגט, דאָס ליד:
„דער אינטערנאציאָנאל"!

# פארטיידיקט די סאָוועטן

דורך סערפּ און האמער־קלאנג,
דורך פריילעכן געזאנג
פון יונגער סאָציאליסטישער פאבריק;
דורך וועלדער רעשטאָוואניעס
און בעטאָנענע קאָנסטרוקציעס,
אין יענעם לאנד,
וווהין מיר ווענדן אונדזער בליק
נאָך וועלטנ—איבערבויענדיקע אינסטרוקציעס—
פון יענעם לאנד, דורך זיסער וויי
פון איבערבוי, פון רייסן בסולע־ערד,
פון אָדלערישן איבערום
בא ווונדערלעכע סאָצגעוועטן,—
שניידט דורך זיך בליצנדיק דער שארף
פון א געשריי,
און ס'גלאנצט די וואָרענונג ווי א שווערד!
— שטייט אופ!
— פארטיידיקט די סאָוועטן!
— אפ אונדזער שטראלנדיקער בויונג,
— אפ אונדזערע פאבריקן און אפ סטעפּ,

— אפ אונדזער ארבעטער און פויער—
אפ אונדזער ליכט—
פון אלע זײַטן און פון טויזנט לויערס [1]
א מאָנסטער [2] קריכט
מיט אלערליי מענוװאלדיקע קעפּ
פון אויסגעפּרוּװטע שינדערס,
מיט קעפּ פון הינט,
באַקליידטע מיט צילינדערס,
מיט פונטישע און דאָלערשע קאָקארדעס,
אין זייער אָטעם יאָגט א װינט
מיט איפּעשדיקע איבלס
פון רעשטלעך שמוץ פון „װײַסע גװארדיעס",
פון פאנצער-קרייצישע מילערס,
קעניגלעכע מאקדאָנאלדס,
און הינדערנבורגישע צערגיבעלס,
און נאָך, און נאָך אומציילעװדיקע שלעק
פון עכטער, עמעסער פארעטער-פּראָבע —
אליא אימפּעריאליסטישע סטראשידלע
טשאנ-קײַ-שעק!

שנײַדט דורך זיך בליצנדיק דער שװערד
פון דעם געשריי,
װאָס רופט:
— פארטיידיקט די סאָװעטן!
איז ענטפערן מיר הײַנט פון גאָר דער ערד:
— מיר זײַנען גרייט!
און ס'רוישט אין לופט
א װאלד פון מיליאָנען ברייטע פויסטן
אנטקעגן אויסגעכאָלעטער פארשמאלצטער האנט.

אָ, מאמע אונדזערע,
רויטשטערנדיקע לאנד,
װעסט זײַן באשיצט,
אין גרויסן פײַערטאָג, אין װעלט צעברויזטן,
צי קומט ער שפּעטער אָן, צי קומט ער איצט,

און דו,
דו ארגענטינער ארבעטער און פויער,

1) לויערס — ערטער פונװאנען מען לויערט, פונװאנען מען קוקט ארויס. 2) מאָנסטער — א פּומנעהויער.

אין גרויסן טאָג הייַנט כאָזער איבער אין געדאַנק די שוועע:

— אויב ס׳וועלן הינט זיך וואַרפֿן פונעם לויער,
איז היטן מיר דאָ פעסט דעם טויער,
קיין איין פונט פלייש,
קיין איין זאַק טווע!

# אַפֿ וועגן ליכטיקע און בלוטיקע

(פראַגמענט)

אַפֿ וועגן ליכטיקע און בלוטיקע,
מיט אַלט און יונג, מיט קינד און קייַם,
מיר גייען ווונדיקע און מוטיקע
צום גרויסן טאָג פון אונדזער פרייד.

מיט וועגן גלייַכע און מיט זייַטיקע
מיר שפּאַנען מאַכנעסוויַיז—און וועלט צעברויזט—
היי, רייַף שוינ, ווי א פרוכט א צייַטיקע,
אונדזער פראַצעדיקער פויסט!

און טו א פאַל אַפֿ קעפ פאַרזינדיקטע
און שמעטער טפּיטע־וואַנט און קייט—
און לאָמיר ווונדיק, אָבער זינגענדיק,
אַרייַן אין טאָג פון אונדזער פרייד.

---

# IV. סאַטירע

ע. ראָזענטאַל
א. קורץ
אב. וויקטאָר
י. לייזעראָוויטש
י. קאָטלער
ה. בלאָשטיין
נאדיר
כאשמאל

# צײַטן

(קלײנער פעליעטאָן).

ס׳איז א צײַט פון לאכן, לאכן.
באנקן גרויסע קראכן, קראכן.
ס׳איז א צײַט פון װוּנדער־זאכן;
גרעפטערס געלטער, געלטער מאכן!
ס׳איז א צײַט פון הערן, זען—
לעבן באנקן מאַנערס שטײען,
װוארטן, װוארטן פון באגינען
ביז די שאָטנס נאכט אויסשפּינען.
ס׳איז א צײַט פון יאָגן, לויפן—
עפּל רויטע צו פארקויפן,
ס׳איז א צײַט פון װײ־געשרײען:
בעטל־ברויט אין לאנגע רײען.
ס׳איז א צײַט, װוען װוילדע מאכטן
דורשטן, דורשטן פרישע שלאכטן,
רײדן װועגן פריד און שאפן
גיפטן־גאזן, נײַע װואפן.
ס׳איז א צײַט פון גרויסע פליכטן:
צו באקעמפן און פארניכטן
דאָס, װואָס ס׳שטערט אין װועגן פרײַע
צו באשאפן װועלטן נײַע.
נאָכדעם װועט זיך אלעס בײַטן.
ס׳װועלן קומען פרידינס צײַטן,
װוען פון קאמף פון בײזן קריגער
צוריק זיך קערן װועלן זיגער
פאָנען רויטע װועלן װײען
צװישן בראװע רויט־ארמײען.
אך, די צײַטן זײַנען נײַע!
ס׳רוישן שלאכטן פאר באפרײַונג!

# א ראַדיאָ-רעדע פון פּרעזידענט הווער

(פעליעטאָן).

„פרעזידענט וויל געבן סובסידיעס די אייזלען פון די פער-מערס, אָבער ניט די פערמערס".

(ניוס).

„בירגער מײַנע!—
עפּעס רעדט מען וועגן ארבעטסלאָזע,
עפּעס רעדט מען וועגן פארמערס, וואָס הונגערן אויף פּריריז.
קיינער רעדט ניט, קיינער כוצ די רויטע,
וואָס לאָזן ניט די הענט צעפּירן
ניט אין פּאָליטיק, ניט אפן מארק
פון דעמאָקראטישע און פרײַע לענדער.
דאָס איז א כאָפּטע אויסוואורפן, פארשווענדער,
וואָס ווילן לעבן ברייט אפ יענעמס קארק,
זיי מאָנען מע זאָל ראטעווען די פארמערס,
ארבעטסלאָזע געבן הילף.
ס'איז א כארפּע, מײַנע בירגער,
לעבעדיקע מענטשן אָנבאָטן אזוינס, אין אונדזער רײַכער
פּרוכטבארער מעדינע,
מיט דער גאָלדענער געלעגנהײַט
פאר יעדן טרײַען בירגער.
נאָר אויב מיר ריידן שוין פון הילף, דארף מען ראטעווען
די אייזלען

אייזלען זײַנען וויכטיקער
און הילפלאָזער ווי פארמערס!
אייזלען פּראָטעסטירן ניט!

זוען פארמערס הייבן אָן פון הונגער צו קראפּירן,
קומען זיי אין קראָמען, מיט ביקסן אף די פּלייצעס,
און רויבן פאר זיך אלדאָס־גוטס!
אָבער אייזלען? אייזלען מאָנען ניט, אייזלען קעמפן ניט!
אייזלען הונגערן און שווייגן!
און אז די קויכעס גייען אויס,
לייגן אייזלען זיך און שטארבן, ווי גוטע פרומע קריסטן!
די פארמערס וועלן אויסשטארבן?
האָב איך אן ארמיי, האָב פולע טפּיסעס
ארעסטאנטן צו באארבעטן די פעלדער;
און קרינ היטן מיר אף די פערד,
מיר, ווי די סאָלדאטן!
נאָר סײַ אין קריג און סײַ אין פרידן, בירגער, ווייסט:
אף אייזלען האלטן זיך די שטאטן!
דער אייזעלע איז דער סימוואָל פון אונדזער מאכט!
אָן אייזלען און אָן טערד
איז אמעריקע אין דר׳ערד!
איז אמעריקע אין דר׳ערד! די „פּרעמדע" און די רויטע
קענען זיך א לאָז טאָן
אף מײַן ווײַסן מויער,
און מײַן אָרט קען נאָך פארנעמען—א בראָך צו מיר—
א שוסטער־יונג, א פארם־פּויער;
און איך וועל דארפן אָנטאָן טרויער
נאָך מײַן דזשאב [1])—
און פאר מײַן באליידיקטן שטאט פון מײַן לאנד,
רעגירונג, בירגער, איז געשעפּט; לאָמיר זאָגן,
פערציק מיליאָן,—
און דו ביסט אופּ פאר דעם א פאנצער־שיף;
ווייסטו וואָס ס׳וועט טאָן פאר דיר!
האר דיר—און דײַנע ביר—גער!
נעם, גיב זיי דיזעלביקע פערציק מיליאָן, און אף מאָרגן
הונגערן זיי ווידער!
גיי קאָרמע אָן
הונגעריקע 20 מיליאָן!
און ווילן זיי דען זאט זײַן; זיי ווילן הונגערן, צו קענען שרײַען!
אז אף זיי, מײַנע בירגער, קען איך זיך ווייניקער פארלאָזן
ווי אף א פאנצער־שיף!
ביסט אף א מינוט ניט זיכער,

---

[1]) דזשאב — שטעלע.

אַז טײַקעפּ, ווי דו ביסט זײַ עפּעס נאָר,
צעחיקלען זײַ דיר רויטע טיכער איבערן גאַנצן לאַנד,
און איבער נאַכט הענגען זײַ שוין איבער מײַן חייסן מוער
אַ שילד מיט רויטע, גרויסע ווערטער:
„סאָוועטן־פאַרבאַנד“
וואָס וועל איך דעמלט טאָן?
און מײַנע סענאַטאָרן? מײַן „גוטער“ „אופּריכטיקער“ פּיש?[1])
נעמט אָן,—מײַנע בירגער, מײַן פאַרלאַנג נעמט אָן!
פערציק מיליאָן פאַר נאָך אַ פּאַנצער־שיף,
און פערציק מיליאָן פאַר די אײַזלען!
אײַזלען הונגערן און שרײַגן!
און אַז זײַ גייען אויס פון הונגער, לייגן זײַ זיך און שטאַרבן,
ווי גוטע, פרומע קריסטן!

---

[1]) פּ י ש — אַ פאַמיליע פון אַן אַמעריקאַנער סענאַטער, אַ פאַרביסענער סוינע פון סאָוועטנפאַרבאַנד„

# אב. וויקטאָר

## דאָס ליד פונ זופ

1

די נעכט ברענג איך אויס אינעם העקדעש,
די טעג אפנ גאס, קלוימערשט פרײַ,
כ׳זוך ארבעט, געפינ ניט, א בראָק־ניט,
ווי קריג איך כאָטש עפעס א קײַ...

כאָר:

זווופ, זו—ווופ—
זײ גיבנ א שיסעלע זופ,
זווופ, זו—ו—ופ—
מענ גיט מיר א שיסעלע זו—ו—ופ.

2

אינ שאפ צוואנציק יאָר אָפּגעארבעט,
געטאָנ אלצ פאר מאָגערנ לוינ;
געלויבט מײַנ געטרײַשאפט זײ האָבנ,
אונ איצטער דאָס האָב איך אונ שוינ:

כאָר:

זו—ו—ופ, זו—ו—ופ א.א.וו.

3

אינ באנק מײַנע פופצנ טאָליארעס,
געשפּאָרט ניט הײַנט שוינ געדאכט...
געקומענ פארנעמענ מײַנ אויצער,
אונ אָט וואָס געקראָגנ, באטראכט:

כאָר:

זו—ו—ופ, זו—ו—ופ א.א.ו.

4

איכ בינ פאר מײַנ לאנד אפ מילכאָמע
געגאנגענ, פארגאָסנ מײַנ בלוט.
געדענקט, אז מײַנ לאנד וועט מיר העלפנ,
אָט וואָס מײַנ לאנד פאר מיר טוט:

כאָר:

זו—ו—ופ, זו—ו—ופ א.א.ו.

5

געקניט האָב איכ אויכ צום באשעפער,
דורכ נעכט פאר מײַנ גאָט אינ געבעט—
געשוואָרנ צו פאָלגנ אונ קליינ זײַנ—
אונ אָט איז מײַנ סכאר ווי איר זעט:

כאָר:

זו—ו—ופ, זו—ו—ופ א.א.ו.

זײַ גיבנ א שיסעלע זופ,
מענ גיט מיר א שיסעלע זו—ו—ופ,
זו—ו—ופ, זו—ו—ופ.

---

י. לײזעראָװיטש

# אזעלכע שװינדלער

מ׳גייט רעגיסטרירן די אלע, װאָס קומען אין ברעד־לייב
עפּעס אָפּעסן, זיי זאָלן נישט קענען „אויסשװינדלען״ נאָך
א שטיקל ברויט.

רעגיסטרירט זיי,
אָט די האָלעדראַנצעס!
אזא באַנדע!
ס׳איז א כאַרפּע און א שאַנדע,
װי מ׳זופּט עס אום
מיט אַן אויסגעקרומטן פּאָנעם,
אויגן, נאָר װי ביי גאזלאָנים,—
זוכן, נישטערן און שמעקן,
װוּ אביינדל אָפּצולעקן!..

אזעלכע פרעסער!
דו זעסט אין לאַנד איז שלעכט
און ס׳װיל ניט װערן בעסער,
אדראַבע, ס׳װערט דער דאַלעס
שטאַרקער נאָך און גרעסער,—
האַלט זיך איין אביסל!
זאָל זיין גענוג א שעלכל זופּ
און נישט קיין שיסל!
ניין, מ׳װיל ניט װיסן!
מ׳לאָזט נישט נאָך פון ביסן!
קען מען גאַנצע טעג אזוי אָפּליגן
אין די זאַכן
און װערן אויסגעריסן,
אבי נאָר די פּאָרציע ברויט און קרויט ארויסצוקריגן.

און א קישקע האָט מענ אָנ א דנאָ—
וווּ א ברעד־לײַנ [1]) איז מענ דאָ,
און וואָס מ'גיט זײ איז זײ ניט גענוג,
ווערנ זײ גאָר קלוג,
אָט די שלעפּער, לויזיקע, צעדרײטע,
לויפט מענ אומ פונ אײנ לײַנ צו דער צווײטער,
און מ'שווינדלט אויס
נאָכ א טעלער זופּ,
נאָכ א פּאָרציע ברויט!..

און מ'איז נאָכ אזוי געמײנ,—
אז מ'פּרעסט זיכ אָנ אלײנ,
גאנוועט מענ נאָכ צו
דערצו
א פּענעצ ברויט
א ריז ראָל [2])
ערגעצ פאַר א הויזגעזינד,
א ווײַב, א קינד!..
אזעלכע אומדאנקבאַרע הינט!
רעגיסטרירנ זײ איז ווײניק,—
מע דאַרפ פונ יעדנ אײנעמ
נעמענ אויכ א „פינגער־פּרינט“ [3]).

## הונגער-מאַרש פונ קינדער

(קלײנער פעליעטאָנ).

א הונגער־מאַרש פונ קינדער?!
נײנ!
דאָס וועט ניט גײנ!
דאָס וועלנ מיר שוינ ניט דערלאָזנ!
אזא כוצפּע פונ די קאָמוניסטנ!
אומיסטנ
באַשליסנ
אויסצוהונגערנ די קינדער,
קעדײ צו קענענ
אינ א הונגער־מאַרש זײ שיקנ.
וואָכנלאַנג
גיט מענ ניט די קינדערלעכ

[1]) ברעד־לײַנ — ברויט־אָטשערעד. [2]) ריז ראָל — אזא מינ בולקעלע. [3]) „פינגער־פּרינט“ — פינגער־אָפּדרוק, ווי מע טוט מיט פאַרברעכער.

קיין שטיקל „טשיקנ"[1],
כאדאָשים גאנצע, נעבעכ,
קוקנ זיי נישט אָנ
קיינ וואַרעניקעס מיט האָניק,
אונ דעמ גאנצנ קאַלטנ ווינטער
ניט קיינ לעפל פיש־אייל,
צי אנ אנדער „טאָניק"... [2])—
אונ ווער רעדט נאָכ פונ א פיצל קאטשקע?
אָט אזוי, אָ, הונגערט מענ זיי, נעבעכ, אויס
בא יעדנ קאָמוניסט אינ הויז,
אונ דערנאָכדעמ לויפט מענ
אונ מע גיט א פאטשקע
אינ די רויטע צייטונגענ,
זשורנאַלנ,
אז די קינדער אינ די שולנ פאַלנ,
כאַלעשנ פונ הונגער—
נאַכאַלנ!

ניינ,
דאָס וועט ניט גיינ!
דאָס איז גלאַט געקראָכנ אפ די ווענט!
מיר זיינענ באַרכאשעמ,
נאָכ קלוג
גענוג
צו פארשטיינ
אזעלכע זאכנ,
מיר האָבנ זיי דערקענט!
זיי מאכנ
דאָכ א טעל
פונ די בלינדע שאָפ אונ רינדער—
אומשולדיקע קינדער,
לאָמיר זיי נישט שווייגנ,
מיר זיינענ רייכ גענוג
אונ מעכטיק,
ס'פעלנ אויכ אונדז נישט קיינ „הענט"———
אונ טאָמער קומענ טאקע אָט די קינדער
אינ א הונגער־מאַרש,
נעבעכ,
לאָמיר זיי—צעברעכנ רוק אונ לענד...

[1]) טשיקנ — הונ. [2]) טאָניק — רעצעפּ.

# די הייליקע שול

(קליינער פעליעטאָן).

געווידמעט די לינקסטער אין פעריסטיל.

הורא,
און טויזנט מאָל הורא,
ס'האָט זיך פאר די פרײַע זין
די בראווע
אנטפלעקט א הייליקער געדאנק:
נידער מיט דעם לינטשן
אין די פעלדער
אין די וועלדער!

דרייסטער!
אפ די דעכער
פון די שולן און די קלויסטערס!
וועלן מיר איצט ברענגען
אונדזער שווארץ געשאנק—
זײַנען מיר דאָך שולדיק אונדזער שול א דאנק.

האָט מען דאָך אונדז דאָרט געלערנט,
אז מיר זײַנען
שענער, בעסער, העכער,
און אזוינס ווי מיר
איז גאָר נישטאָ!
לאָמיר זשע אין א מאָלדיקער שאָ
איינס דעם אנדערן זיך ווינטשן.
מאקע דאָ,
אפ די דעכער
פון די שולן און די קלויסטערס;
אינעם אָנגעזיכט פון אונדזער אויסלייזער
און טרייסטער וועט זיך לינטשן
מוטיקער און דרייסטער.

# יאָסל קאָטלער

געב. אינ 1896, אינ טראָיאַנעצ (וואָלינ), אינ אַנ אָרעמער פאַמיליע. אַ מאָלער, שרײַבער אונ טעאַטער־כוער. גרינדער פונ ערשטנ ייִדישנ מאַריאָנעטנ־טעאַטער „מאָדיקאָט". מיטאַרבעטער פונ „מאָרגנ־פרײַהײַט" אונ „האַמער", מיטגליד פונ „פראָלעטפענ". אינ 1932 געװענ (צוזאַמענ מיט זוני מאוד) אינ סאָװעטנ־פאַרבאַנד.

## שעמט זיכ נישט...

עפּשער האָט איר אַביסעלע צײַט
אונ אײַכ ווילט זיכ
אַ קאַפּעלע פאַרברענגענ —
נעמט
אונ הענגט עפּעס.
שעמט זיכ נישט —
אַ שטריקעלע איז דאָ,
אַ בוימעלע איז דאָ,
די נאַכט איז דינ אונ בלוי,
הענגט עפּעס — — —
אַ יונגנ נעגער,
אַנ אַלטנ נעגער,
אַ באָבע נעגער,
אַ זיידע נעגער,
הענגט װאָס ניט איז.
אַ סאָולטערנ דזשענטלמענ [1]
מ'דאַרפ נישט זײַנ
קיינ איבערקלײַבער,
אבי אַ שוואַרצער קאָליר,
אבי אַ שוואַרצער קאָליר.
אונ אויב אַ ברוינער, ווי ביר,
איז אויכ נישקאָשע,
הענגענ נעגערלײַט,
הענגט, הענגט
די אַרבעט וועט ניט זײַנ
אומזיסט,
נישקאָשע,
נעגערס זײַנענ ערלעכע לײַט,

---

[1]) סאָולטערנ דזשענטלמענ — אַ הער פונ דאָרעמ; פונ די דאָרעמ־שטאַטנ.

זיי וועלן אײַך ניט אָנזעצן
פאר אײַער מי.
דער כילעק פון אַ נעגער
ביז אַ סאוטערן דזשענטלמען
איז דאָס:
איר וואשט אָפּ די הענט
פון נעגערס בלוט,
ווײַל היגיענע איז קולטור;
איר עסט אַ מאָלצײַט
פון דרײַסיק קליינינקע געריכטלעך,
ברויט עסט איר ווייניק,
(ווי אַ דזשענטלמען)
נאָכדעם זעצט איר זיך ארײַן
מיט אײַער ליבער פאמיליע
אין אַ טײַערער ווייכער מאשין
און פאָרט זיך דורך
אַ צען־צוואַנציק מײַל
אָפּ פרישער לופט,
און פארגעסט לאכלוטן,
אַז הײַנט פארטאָג
האָט איר געהארגעט אַ נעגער;
דאָס נעמט זיך דערפון,
וואָס איר זײַט אַ „ספּאָרט" [1]
אַ נעגער איז ניט קיין „ספּאָרט",
ער איז אַ פּאָשעטער באָסאָרוועדאָם,
ער געדענקט קליינִיקײַטן;
דעם טויט־געשריי פון זײַן כאוועך
באַם שלעפּן צו דער טליָע,
דאָס רעווען פון זײַן ברודער
פון פײַער ארויס,
דאָס ווילד געוויין פון זײַן קינד
באַם שלעפּן צום בוים,
דאָס מעשוגענע קוויטשען פון זײַן
מאמען
באַם בינדן איר צום ברענען.
אַ נעגער איז ניט קיין דזשענטלמען—
ער געדענקט:
אינעם טאָג פון דין־וועכעשבן

[1] אַ ספּאָרט — אַ „ווילער יונג" אַ ברייטע נאטור.

וועט ער ניט מאכן מיט אײַך
קײן שום קונצן,
ער וועט זאָגן:
רעב דזשענטלמען!
דאָס העלדזל „פליזי"[1]
היק מיך, כיק
טהײנקא[2]
רעב יענקע, זײַט מוחל,
אהער דאָס העלדזל
אפּ א מינוטקעלע, —
היק מיך, כיק
טהײנקא.
ס׳איז עמעס, אז איר זײַט
נישט אײַנגעווינט דערצו,
אָבער די פּאָגראָמשטשיקעס
זײַנען אויך נישט אײַנגעווינט געווען
צו הענגען אפּ א טליִע,
נאָר די סאָוועטנמאכט
האָט זײ צוגעווינט דערצו.
און זײ הענגען קײן אײַנהאָרע
ווי דערפאַרענע געהאונגענע.
מיט אײַך, דזשענטלמען,
איז אויך דאָס געמלעכע:
מען וועט אײַך
אײנמאָל אונטערהענגען
און נאָכאמאָל,
און נאָכאמאָל
וועט איר הענגען גאנץ פײַן
ווי די שײנע הענגלײַכטער.
אזוי ווי אין יעדן ספּאָרט
ווילט איר זײַן איבערשטײַגער,
אזוי אויך אפּ דער טליִע
וועט איר ווײַזן, וואָס איר קענט,
און הענגען בעסער פון א נעגער,
שענער פון א נעגער,
קולטורעלער פון א נעגער,
ווײַל וואָס איז א נעגער?
אויך מיר א הענגער!...

---

[1] „פליזי" — ביטע. [2] טהײנקא — כ׳דאנק אײַך.

# „אײַ דא טראָיקא"

געווידמעט דעם ניו־יאָרקער „פאָרווערטס", „טאָג" און „מאָרגן־זשורנאל".

רעפּו־בובליטשקע,
סאָסי ליסעווואטע
די מאקע ראקע וואטע
דאָס איז איין לאטע
פון דער קריטיק געלער שמאטע,
וואָס רײַבט זיך
און מאכט זיך
געפּיינערט לייסאטע.
איז געבעך דעם פאָלק
א „געטרײַער טאטע",
זיי מאכן זיך ווייך,
ווי בוימל מיט וואטע,
אָט די געלע טראָיקע
די פארכעוואטע.
זיי פראווען כאניפע
צו די ארבעטער־מאסן;
זייער ציל איז צו גרייכן
די גילדערנע קאסן.
דאָס פאָלק איז ארבעטלאָז—
שטעקט די טראָיקע ארײַן די נאָז,
און פון גרויס ראכמאָנעס צו זיי
הייסן זיי דער פאָליציי
מיט די מעשענע קנעפּ
צו האקן און שלאָגן
די האָרעפּאשנע קעפּ,
צו יאָגן דעמאָנסטראציעס
מיט קאזאקן און פערד,
צו טרעטן אפ בײַכער
און שלאָגן צו דער ערד.
נאָר איצט אין די וואלן
שיטן זיי אידעאלן,
זײַנען ווייך און בלייך,
ווי בוימל מיט וואטע,
אָט די געלע טראָיקע
די פארכאוואטע.

הײַנט נעמט זײערע ריכטער,
א בראָך צו זײערע יאָרן!
פארכאפּן מאיאָנטקעס
און אוועקגעפאָרן.
אין די בלעטער ס'קאָכט זיך,
ס'טוט זיך אביסל,
אָבער די ריכטער זײ פּײַן
און רופ זײ קנאקניסל.
אז זײ איז צום לאנד
מיט אזעלכע פירער,
גאנאָווים און ראָצכים—
דאָס זײַנען רעגירער.
נאָר בא די וואלן,
די ארבעטער צו נארן,
קלאפּט מען זײ אין פּלײצע
און מען טײלט אויס ציגארן,
מען מאכט זיך געפײגערט
ווי פאדלעס לעסאטע—
אָט די געלע טראָיקע
די פארכעוואטע.

---

## ה. בלאָשטיין

# די בירגערלעכע פרעסע

אין די אויסגעטראכטע הימלען—
אויסגעטראכטע הארן—געטער;
אף דער ערד וויסטע שימלען—
טויזנטער פארקויפטע בלעטער.
איז א בונד אזא געטרייער,
אייביק אלטער, אייביק נייער,
צווישן די פארקויפטע בלעטער
מיט די שווינדלערישע געטער.

קומט א יאָנטעוול צו רייטן
אף א שווארץ און „הייליק" פערדל,
לויפט א גאלעכ בא די זייטן,
צי א רעוול מיט א בערדל—
מיטלאלטערישע „העראָלדן" [1]
און מען כאפט אין נעצן—יאָלדן;
בלאָזן שויפערס, קלינגען גלעקער
זייען שקלאפעריי און שעקער.

און פאנטאזיעס ווילד־צעשרויפטע
נעמען „יענע וועלטן" מאָלן———
ווערן צייטונגען פארקויפטע
ערעוו יאָנטעוו אופגעשוואָלן:
פופציק זייטן, הונדערט זייטן,
מיט א שטאָפּ, וואָס שטינקט פון ווייטן—
וועגן „אומע" [2] און „געשיכטע"
און באטכאָנישע „געדיכטע". [3]

---

[1]) העראָלד ן—העלדן. [2]) אומע—נאציע. [3]) „געדיכטע"—„דיכטונג", „פּאָעזיע"

צוגעפּראוועטע מיט בסאָמים
פונ „טראַדיציעס" אונ „היסטאָריעס"
ווענג פּראַגישע „גוילאָמים" [1],
אָדער ווענג יעזוס צאָרעס.
אונ דער רייעכ פונ שאָוויניזמ
אָכ, ווי גוט, ווי ווויל עס איז אימ:
ס'איז זיכ דאָ ווו צו צערײַסנ!..

אונ די געטער זײַנענ ווילדע,
אונ באַצאָלנ רײַכ אונ פריציש
פאַר די רייכעס, פאַר די פּולע,
פאַר די „הייליקע טראַדיציעס",
אונ ס'איז נים קיינ מעקאַכ־טאָעס:
הונדערט זײַטנ—העלפט מוידאָעס [2],
גוט באַצאָלטע פונ מיניאָנים
אונ ראַבאָנים, אונ כאַזאָנים!

... 50 זײַטנ, 100 זײַטנ—
א יעריד בא צײַטונג־קרעמער;
גיסט זיכ פונ די „הייליקײַטנ"
שמוצ אונ שווינדל—פולע עמער!
אונ עס קוועלנ אָנ די געטער
פונ די טרײַע שוטפים־בלעטער,
וואָס זיי העלפנ טרײַ פאַרגרייטנ
פאַר דער מאַסע—נויט אונ קייטנ.
הוליעט, הוליעט, שוואַרצע קרעמער,
קעפּ־פּאַרטומלער, האַרצ־פאַרסאַמער!—
ס'וועט דער אַרבעטער באַלד נעמענ
אינ זײַנ האַנט דעמ גרויסנ האַמער,
אונ א זעצ טאָנ איבער צלאָמים,
מאָגנ־דאָווידס, פּראָג־גוילמאָים,
איבער צינגער פונ די גלעקער,
אונ פונ הימל־אונטערלעקער!..
פופציק זײַטנ, הונדערט זײַטנ—
אוי, ס'איר כאַפּנ אינ די זײַטנ,
איבער קעפּ אונ איבער פינגער,
„פרומע" זינגער, פאַלשע צינגער!..

---

[1]) דער אוטער מיינט דאָ א ווערק פונ רעאקציאָנערנ יידישנ שרײַבער ה. לייוויק—„דער גולאָם".
[2]) מוידאָעס—מעלדונגענ, רעקלאמעס אונ צײַטונגענ.

# צו א טייל יידישע שרײַבער

איכ קען אײַכ גוט, איכ קען אײַכ אויסגעבונדן,
איר טעמנע ייִדיש־שרײַבער פון דער שטאָט ניו־יאָרק [1]
איר לעקט די האנט, וואָס מאכט אונדז טויטע וווּנדן,
און נעמט אומשטערבלעכקײַט באם פאָלק אפ באָרג.

איכ קען אײַכ גוט, איכ קען דאָכ אײַכ פריזענלעכ [2]
איר פעדער־קנעכט, איר אלטע ווערטער־פעדלער;
איר פוצט זיכ אויס פראזנדיקע פעדלענ
און רעדלט רייד, ווי מאצעס—מאצע־רעדלער.

... איכ קען אײַכ לאנג. איכ וויל אײַכ מער ניט קענענ,
איר פינצטערע פארעטער פון א קלאס;
בא דעם פײַער פון צוויי וועלטנ, וועלכע ברענענ,
פארוויכערט איר זיכ שטיל א באפיראָס.

---

[1] געמיינט די שרײַבער ליוויק, רייזין און אנד., וואָס זײַנען אנטלאָפן פון „פרײַהײַט" און אריבער אין בורזשואזן לאגער. [2] פריזענלעכ—פערזענלעכ (איראָניש).

# כאשמאל

* * *

פון קאליפאָרניע ביז בערלין,
פון סאָקיאָ ביז באזעל,—
גייט דעם רויבער־קלאס אצינד
זייער שלים־שלימאזל:
ערגער ווערט פון טאָג צו טאָג,
עס שטארקט זיך אלץ דער קריזיס,
אפילו „יעהאווע"[1]) העלפט דאָ ניט
און זיין שוטעף „דזשיזוס"[2]) —
כאָטש צערייס זיך!

מ'שלעפט דעם אוילעם אין דער קירך,
מ'רופט אים אין די שולן,
מיט אוילעם־האבע וויל מען אים
דעם מיטן קאָפּ פארדולן.
גרייט מען צו דאָרט כאָר־געזאנג,
פארשיידענע הוליאנקעס—
דער אוילעם אָבער ווייסט, אז ס'העלפט
ווי א טויטן באנקעס.
אזא מין אומגליק!

און דער „טשאנס"[3]) פאר קאפיטאל
ווערט וואָס וויַיטער קלענער—
הערט מען טאקע זייער אָפט

---

[1]) „יעהאווע" — גאָט פון גלויביקע יידן. [2]) „דזשיזוס"—יעזוס; נאָמען פון קריסטלעכן גאָט.
[3]) „טשאנס" — שאנס, אויסזיכט.

טרויעריקע טענער.
קומט צוגיינג דער הער לאמאַנס,
א זונ פונ מיליאַנערנ,
רעדט ער אָפּנ צו זײַנ קלאַס,
גיט אים צו דערקלערנ,
וואָס, לעמאָשל?

— מ'מוז, זאָגט ער, צום ארבעטער
מאכנ איצט א כיינדל;
עס האלט גאנצ שמאָל, מ'דארפ אים כאָטש
צוּוואַרפּנ א ביינדל.
אויב ניט וועט זײַנ א קלאָג צו אונדז,
מ'עט מאכנ פונ אונדז „פּיפּקע"
מע קענ ניט, זאָגט ער, בלאָפנ מער,
אז „רויק איז אפּ שיפּקע..."
ניט זייער!

---

הערנ מיר טאָג איינ, טאָג אויס,
מ'האלט זיכ אינ איינ קלאָגנ:
אז די בוי־אינדוסטריע
איז זייער שטארק געשלאָגנ,
ס'איז גראָד פּארקערט, פּארזיכערט אונדז
א מענטש, וואָס ווייסט—א יאדנ,
מ'בויט איצט מער ווי פריִער,
אונ דאָס איז באריקאדנ—
... האלוויַ ווייטער!

וואָס זשע טוט מענ מיטנ ווייצ?
ס'א ברענענדיקע פּראגע!
דער רויבער־קלאַס געפינט זיכ איצט
אינ א שווערער לאגע.
אינ לאָנדאָנ זיצנ „גרויסע קעפּ",
מענ הערט ניט אופ צו שרײַענ;
די ווייצ האָט זיכ געשטעלט אינ האלדז,
מע קענ זי ניט צעקײַענ...
... נעבעכ!

קומס צוגיין סאָוועטנלאנד,
ברענגט א גוטן מיסל;
ווילן קעפ דאָס ניט פארשטיין,
איז נעם, כאָטש רייד צום הימל.
אזעלכע „קעפלעך" טאָרן ניט,
אפ די אקסלען ליגן—
מ'חאָלט פאר זיי בארארפט א פלאץ
אין מוזעום [1]) קריגן...
... אָדער ערגעץ אנדערש!

---

[1]) מוזעום — מוזיי.

# V. פאר ייִנגערע קינדער

י. קאָטלער.
סאָרע פעל־יעלין.
פ. מעלצער.

## יאָסל קאָטלער

# באַם פענצטער

איך האָב אַ פּאָר שיך
האָבן זיי לעכער,
זיץ איך באַם פענצטער
און קוק אַף די דעכער.

באָרוועסע פליִען
די פייגעלעך מײַנע
אַף זייערע פליגל —
בין איך זיי מקנא.

זע איך אינדרויסן
אַ שניי פאַלט אַרונטער,
אין הויז דאַרף מען קוילן,
באַהייצן דעם ווינטער.

מײַן טאַטע זיצט ליידיק,
ער האָט ניט קיין שטעל;
דער „לענדלאָרד‟ שרײַט דירע-געלט,
מע שינדט אים די פעל.

איך בין עלף יאָר אַלט
פון טאַטן באַלד העכער, —
איך האָב אַ פּאָר שיך, —
וואַקסט דאָרטן לעכער.

באָרוועסע פליִען
פייגעלעך מײַנע
אַף זייערע פליגל —
בין איך זיי מקנא.

די פליִען, און זינגען,
און ריידן, און לאכן,
נאָר פון פייגלעך קען מען
קיין שיכלעך ניט מאכן.

נו, מײלע, וואָס טוט מען
דען ניט אין א נויט?
אין דר׳ערד מיטן „לענדלאָרד“
מ׳מוז עסן ברויט!

אין שמאטעס די שיך
געטאָן א פארדריי,
א, „קוואָדער“ [1]) א שטונדע —
מיר שארן שוין שניי.

דעם שניי אָפגעשארט —
טײַנע שיך האָבן לעבער,
זיץ איך באם פענצטער
און קוק אפ די דעכער.

# אפן הוידלקע

היידא, הוידא
הין און קריק;
ס׳ברענט דאָס ברעטל
אפן שטריק;
העכער פליט מען,
זינגט מען העכער:
פלאטערט פאָנען
רויט אפ דעכער!

פליִען הויך
מוז מען קענען,
אז הימלען זאָלן
רויטער ברענען...

---

[1]) קוואָדער — א מאטביליע, א סעיטל דאלער.

פעסטער, ברודער,
בא די שטריק,
און הײַדא, הורא
הינ און קריק.

הינ און קריק
אפ אלע וועגנ,
דויט געזאנג
אפ אלע שטעגנ.

זאָגט מענ שטארקער,
גיים מענ העכער,
פליִענ לידער
איבער דעכער!

הערט מענ האמערס,
אײַזנ קלאנגענ,
סערפנ זינגענ
קאָרנ־זאנגענ.

האמער שלאָגנ
אײַזנ הארטנ,
האמערס שפילנ—
פידלער ווארטנ.

הײַדא האמערס,
פידלענ ווארטנ...

# מיר ווערנ פיאָנערנ

(פעליעטאָנ)

עפנט די פליגל,
טויערנ רויטע,
מיר זײַנענ
ארבעטער־קינדער
קרעפטיק־געבויטע.

מיר שפּעטן און שפּאַסן
פון די שולן די אַלטע,
מיר האַסן די גרימאַסן
פון די לערער די קאַלטע.
מיר האַסן, ווי סאַם,
די רעכטע האַלעדריצעס,
וואָס ווילן אונדז נאַרן
מיט אשעריאָצער און ציצעס.
וואָס זוכן פאַר זיך
דעם פעסטן ביסן
און זאָגן:
אַז גאָט וויל —
קען א בעזעם שיסן.

טויערן רויטע
פון ליכט און פון שיין
עפנט זיך ברייטער
און לאָזט אונדז אַריין.
מיר ווילן לערנען.

מיר ווילן ווערן,
מיר דאַרפן ווערן,
מיר מוזן ווערן
יונגע, רויטע
פּיאָנערן.

אונדזער הערב
איז האַמער־סערפּ,
מיר ווילן לערנען,
מיר מוזן קענען —
אונדזער לערער
איז איליטש לענין.
— — — — —

ווי צווייַ שיינע פליגל
באַלויכטן מיט שייַן,
נעמען די טויערן
די קינדער אַרייַן.

און לעקאַך,
מאַראַנצן,
קאַװענע,
און פלאָדן;
צוקערקעס
פון אַלע קאָלירלעך,
באָנבאָנעס,
האַפּטשעס,
אין זילבערנע פּאַפּירלעך,
ביז און ראָזשינקעס,
שאָקאָלאַדן,
מאַרמעלאַדן—
שפּראָטן
און מאָדיקאָטן [1]
האָט זיך געטאָן
א שאָט
פון אַלע פענצטער
און פון אַלע טירן,
די נײַע פּיאָנערן
צו גראַטולירן.
צו די אַרבעטער־קינדער,
װאָס גלױבן ניט אין װוּנדער,
װאָס זוכן װאָר,
װאָס װילן װיסן
אַלעס קלאָר;
װאָס װילן װערן,
װאָס דאַרפן װערן,
װאָס מוזן װערן,
װאָס װעלן װערן
יונגע,
דרײסטע
פּיאָנערן!

---

[1] מאַדיקאַטן — א רעװאָלוציאָנערער יידישער קוקאָל־טעאַטער (מאַריאָנעטן) אין אַמעריקע; רופט זיך מאַדיקאַט.

# סאָרע פעל-יעלין

## א מייַסעלע

רייַכע פירן הינטעלעך,
אָרעמע — די קינדערלעך,
אין לופטיקן אין זוניקן,
אין הארבסטיק-גאָלדענעם פארק...

די קינדערלעך — פארמאָגערטע,
די מאמעס — מיד-געבויגענע;
די הינטעלעך — געכאָליטע —
מיט „מאמעס" פריש און שטארק....

די הינט מיט זילבער-קייטעלעך
מיט האלדזובענדער באגילדעטע,
לאשטשען זיך צו קינדערלעך
און בעטן זיך א שפיל.

ווערט פרייד בא קינדער אָרעמע
מיט הינטעלעך געווירישע;
מען יאָגט זיך און מען קוליעט זיך:
מע קוויטשעט פיל מען וויל...

פארדריסט עס „מאמעס" הינטישע,
מיט פוסטע קעפ פאריסענע,
און ס'כאפן הינטלעך שטיפערישע
א פאָרציע אָן א שיר...

שוין צייַט פאר הינטלעך לייַטישע
צו וויסן מידעס געווירישע:
מיט אָרעמקייַט מע שפילט זיך ניט,
ב'הייַסט בא יעדן ריר...

עס ווײַדלען שטיל די הינטעלעך
און גלאַנצן מיט די אויגעלעך
אַף „מאַמעס“ שלעכטע, הינטישע
און קענען ניט פאַרשטיין.

פאַרוואָס פאַרטרײַבן קינדערלעך?
פאַרוואָס צו שטערן שפּילן זיך?
פאַרוואָס אַנטלויפן קינדערלעך
צו מאַמעס מיט געוויין?

נאָר מאַמעס צאַרטע, אָרעמע
באַגעגענען די קינדערלעך
אַנטוישטע און באַליידיקטע
פאַרוויינטע און פאַרשעמט.

זיי קושן אויס די טרערעלעך,
זיי גלעטן אויס די ביינדעלעך,
און טרייסט פאַרהיילט די הערצעלעך
צעווייטיקט און פאַרקלעמט.

עס שפּילט די זון, די האַרבסטיקע,
אין טרערעלעך פאַרבליבענע,
און הענטעלעך דאַרע, קינדערשע
די מאַמעס נעמען אום...

עס ווערט אַ בונד געשאַפן דאָ
פון ליבשאַפט און פאַרשטענדעניש:
פון מאַמעס מיט די קינדערלעך,
פון קינד מיט אַלץ אַרום.

## אונדזער שול

אונדזער שולע —
אונדזער פעסטונג,
דאָרטן זאַמלען מיר
געווער,
אין שטיפן און שפּילן
וואַקסט אונדזער ווילן
צו זײַן אַ רויטער
פּיאָנער!

שארפע קעפּלעך,
שטארקע גלידער,
אומדערשראָקן,
„שטענדיק גרייט"!
און הענטעלעך יונגע,
מיט זעלנער־לידער,
מיר הייבן פאָן
פון מאָרגן־רייס.
ס'רייַסט אין הערצלעך
שטארקער גלויבן
און א וועלט מיט פריידן
פול:
מיר ווערן שטאָלצער,
מיר ווערן זיכער
אין אונדזער פעסטונג —
אונדזער שול...
פעסט און בראוו,
ווי פּיאָנערן,
סערפּ און האמער
אין דער האנט,
צו צוקונפט העלער,
מיר גייען שנעלער,
צו ליכטיק־רויטן
וועלט־פארבאנד!

---

# פײַוול מעלצער

## רויטע פאָנען

רויטע פאָנען,
יאָנטעוו שיינער:
רויטע פאָנען —
יאָנטעוו איינער.

רויטע פאָנען
איבער דעכער;
הייב זיך העכער!...

רויטע פאָנען
מיר צעהענגען:
רויטע פאָנען
גליק אונדז ברענגען.

רויטע פאָנען
מוט אונדז געבן:
רויטע פאָנען —
אונדזער לעבן!

רויטע פאָנען,
קלינגען לידער —
קאַמף און פײַער
אין די גלידער.

רויטע פאָנען
קריג דערקלערן,
רויטאַרמייער
זיך פאַרנעמען.

רויטע פאָנען
אונדז באַגלייטן;
רויטע פאָנען—
ליכט פארשפרייטן.

רויטע פאָנען—
פײַנט פאַריאָגן:
רויטע פאָנען—
קראַפט פארמאָגן...

רויטע פאָנען
פײַנט צעשטערן—
רויטער האמער,
סערפ און שטערן.

רויטע פאָנען,
אַלץ באַנײַען;
רויטע פאָנען—
וועלט באַפרײַען!

רויטע פאָנען
נים פאַרלירן:
רויטע פאָנען—
צום זיג פירן.

רויטע פאָנען,
הוראַ! הוראַ!! הוראַ!!!

---

# VI. ביבליאָגראַפיע

## I. קוועלן.

### א. פעריאָדישע אויסגאַבן:

1) „מאָרגן־פרײַהײַט“ (טעגלעכע צײַטונג) אָרגאַן פון דער קאָמפּאַרטיי אין די צפֿון־אַמעריקאַנישע פאַרייניקטע שטאַטן (ניו־יאָרק). יאַנוואַר 1931—אַפּריל 1932.

2) „דער האַמער“ ליטעראַריש־פּאָליטישער כוידעש־זשורנאַל. 1928—1932 (ניו־יאָרק).

3) „דער פונק“ (כוידעש־זשורנאַל). אָפיציעלער אָרגאַן פון „אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־אָרדן“ (צופעליקע נומערן).

4) „נײַ־וועלט“—רעוואָליוציאָנער-מאַרקסיסטישער כוידעש־זשורנאַל. בוענאָס־אײַרעס. אַרגענטינע (צופעליקע נומערן).

### ב. באַזונדערע זאַמלונגען:

5) אַײַזיק פּלאַטנער—„וואָס דער טאָג דערציילט“ (לידער־זאַמלונג). ניו־יאָרק, 1930. זײַטן 93.

6) ב. פּענסטער — „רויטע ווינטן“ (לידער־זאַמלונג). דענווער־קאָלאָראַדאָ.

7) מוישע נאַדיר — „דערלאַנג אַהער די וועלט, בורזשוי“! (סאַטירישע פּאָעמע) אַרויסגעגעבן פון פאַרלאַג „מאָרגן־פרײַהײַט“ צו דער געלעגנהײַט פון מוישע נאַדירס 25-יאָריקן יובילײַ. ניו־יאָרק, מײַ 1930; זײַטן 64.

8) פײַוול מעלצער — „קינדער־לידער“ (אילוסטרירט פון ב. קאָפּמאַן; פּראַכט־אויסגאַבע). פאַרלאַג „קינד און קייט“ ניו־יאָרק, 1928. זײַטן 207.

9) א. ראָנטש „אינדיאַנער זומער“ (לידער-זאַמלונג).

10) יאָסל קאָהן — „פון יענער זײַט יאַם“ (לידער). פ׳ „עמעס“. מאָסקווע, 1932 ז. 64.

11) נ. ד. קאָרמאַן — „אַפּ אינדזלשער ערד“ (לידער).

12) ה. בלאָשטיין — „לידער פון קאַמף“. פאַרלאַג „נײַ־וועלט“. בוענאָס־אײַרעס, 1930 יאָר.

13) „יוניאָן־סקווער“ — ערשטער זאַמלבוך פונעם פאַרבאַנד פון פּראָלעטאַרישע שרײַבער. „פּראָלעטפּען“. ניו־יאָרק, דעקאַבער 1930. ז. 234.

## II. אַנדערע ווערק פון אַמעריקאַנער ייִדישע רעוואָליוציאָנערע און פּראָלעטאַרישע שרײַבער.

(פּאָעטן און פּראָזאַיקער).

14) מ. אָלגין — „פון מײַן טאָג־בוך“ (געשטאַלטן און סצענעס, פאַרצייכנט אין אַמעריקע און סאָוועטנרוסלאַנד). פאַרלאַג „פרײַהײַט“. ניו־יאָרק, 1926. ז. 399.

15) מ. אָלגין — „האַווריליע און יויעל“ (דערציילונג) פאַרלאַג „פרײַהײַט“, ניו־יאָרק, 1927. ז. 282

16) לעאָנ טאלמי — „אַף רויער ערד" (אַמשערקנ וועגנ דער „איקאָר"־עקספּעדיציע אינ בירא־בירזשאנ), פארלאג „פרײַהײַט". ניויאָרק, 1930. ז. 258.

17. מוישע נאדיר — „אונטער דער זונ" (פּראָזע). פארלאג „פרײַהײַט". ניויאָרק, 1926. ז. 252.

18. מוישע נאדיר — „אַלאַמפּ אפנ פענצטער" (לידער). פארלאג „נאראיעוו". נוי־יאָרק 1929 ז. 192.

19) דאָוויד מאנעוויטש — „מאסנ־קאמפּ" (א זאמלונג באשרײַבונגענ פונ די קאמפנ אינ דער נאָדל־אינדוסטריע אינ די יאָרנ 1925—1930). אויסגאבע פונ דער אינדוסט. נאָדל־טרעדיוניאָנ. ניויאָרק, 1930 ז. 320.

20) ש. דייקסל — „זײַנ מאיעסטעט" (דערציילונגענ) אויסגאבע „פרײַהײַט". ניויאָרק, 1925. ז. 253.

21) ש. דייקסל — „דער צאָרנ פונ דער ערד" (א מאסנ־שפּיל אינ 5 אקטנ, 9 בילדער), אויסגאבע „פונקענ". ניויאָרק, 1929. ז. 99.

22) א. ראָנטש — „שאָטנס פונ ניויאָרק" (פּראָזע). ניויאָרק, 1928. ז. 122.

23) ס. טשעסטער — וואלר־ברונעמ (דערציילונגענ). פארלאג „פרײַהײַט", 1927. ז. 253.

24) עליאס לייבאָוו — „אײַזיקס כאָלעמ" (שטריכנ פונ דער יִדישער קאָלאָניזאציע אינ ארגענ־טינע). פארלאג „פעניסער און פעניסלעכ". בועאָנאס־אײַרעס. 1928 יאָר.

25) א. מארגאָליג — „צווישנ רעדער" (דערציילונגענ). פארלאג „נײַ־וועלט". בועאָנאס־אײַרעס, 1929 יאָר.

26) יאָסיפ ראבינאָוויטש — „קאָנוועטוזשיעס" (לידער). פארלאג „נײַ־וועלט". בועאָנאס־אײַרעס, 1928. ז. 98.

27) ב. מאָזער — „בעני" (קינדער־ראָמאנ, ערשטער טייל). פארלאג „אומפארטייִשע יִדישע ארבעטער־קינדער־שולנ". ניויאָרק 1930, ז. 156.

28) כאוועד־פאוער (גערשנ אײַנבינדער). „פונ יענער זײַט טײַכ" (דערציילונג). פארלאג „כא־ווירים". ניויאָרק, 1930. ז. 128 (פאראנ אויכ א סאָוועטישע אופלאגע פארלאג „עמעס" 1931).

29) נאָכעמ חײַסמאנ — „די באלאדע פונ א קינדער־קעמפער" (קינדער־לידער „פראכט־אויס־גאבע) פאָרוואָרט פונ י. לעווינ. ניויאָרק, 1926. ז. 68.

# III. קריטיק.

30) מ. אָלגינ — „יוניאָנ־סקווער" „מאָרגנ־פרײַהײַט" פונ 23־טנ פעווראל 1931 יאָר. און פונ 2־טנ מארט 1931 י.

31) אָלגינ — „צוויי שרײַבער" (וועגנ טשעסטערנ און פײַנבערגנ—דער לעצטער איז איצטער שוינ אויסער די רייענ פונ „פּראָלעטפּענ") „האמער". אָקטיאבער 1928.

32) „עדיטאָריִעלע נאָטיצנ" (רעדאקציע־ארטיקל וועגנ דער אנטשטייונג פונ „פּראָלעטפּענ"). זאמל־בוכ „יוניאָנ־סקווער". ניויאָרק, 1930.

33) מיילעכ עפּשטיינ — „אינ קאמפּ געבאָרנ" (דאָרטנ).

34) ווילִיאם אייבראמס — „פונ לייוויקיאדע ביז „פּראָלעטפּענ" זשורנאל „פּראָליט" נומ. 6 1930 יאָר.

35) י. פאָמעראנצ — „דער סאָוועטישער אײַנפלוס אַף דער יִדישער ליטעראטור אינ אמעריקע" (זאמל־בוכ „יוניאָנ־סקווער").

36) כ. דונעצ — „אייגער פונ אונדזערע" (וועגנ אײַזיק פלאטנערנ) „אינ שלאכטנ" צענטער־פארלאג. מינסק, 1931.

37) כ. דונעצ — „א פּראָלעטארישער גערוס פונדערווײַטנ" (וועגנ ב. פענסטערנ. דאָרטנ).

38) כ. דונעצ — „מוישע נאדיר — דערלאנג אהער די וועלט, בורזשויִ" (דאָרטנ).

39) ב. מאָזער — „פּראָלעטפּענ" (א בריוו פונ ניויאָרק) „פּראָליט" נומ 4־5. 1931.

40) א. וועוויאָרקע — „איבערזיכט פונ (איבער.) די יִדישע זשורנאלנ פּינ ראטנפארבאנד און אויסלאנד" „רויטע וועלט" נומ. 5־6 1929 (וועגנ „האמער").

41) „לידער פונ קאמפּ" (וועגנ בלאָשטיינס לידער־בוכ) „מאָרגנ־פרײַהײַט" פונ 23 פעווראל 1931.

42) נ. קאבאקאָוו — „די שול פונ קלאסנ־קאמפּ" (וועגנ בלאָשטיינס פּאָעמע „ארבשולאָרנ") „פּראָליט" נומ. 2. 1930.

43. ג. קאַבאַקאָוו — „אַ פּאָעמע וועגן מײַרעוו-ווײַסרוסלאַנד" (וועגן קוּפּמאַנס פּאָעמע) זשורנאַל „שטערן" מינסק, 1931.

44) ש. קורץ — „רוּוון ליודוויג" (וועגן א יונג־פּארשטאָרבענעם פּראָלעטאריש־אָריִענטירטן דיכ־טער). „האמער". מײַ 1928.

45. ה. בלאָשטיין — „איבער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור", נײַ־וועלט נום. 19־21. 1929 י.

46) ג. סאַפּאָזשניקאָוו — „די פּאָציִאַלע מאָטיוון אין אַרגענטינער ייִדישער דיכטונג" (דאָרטן און אין ווײַטערדיקע נומערן).

# IV. אייניקע אַרטיקלען וועגן דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער קולטור־בּוועגונג אין אַמעריקע.

47) נ. בוכוואַלד — „דער פּראָלעטאַרישער קולטור־פראָנט" (וועגן דער געגרינדעטער פעדע־ראַציע פון פּראָלעטאַרישע קולטור־אָרגאַניזאַציעס אין ניו־יאָרק) „מאָרגן־פרײַהײַט" 21 יונ. 1931.

48) י. פּאָמעראַנץ — „פאַרייניקטער פראָנט פון אַלע פּראָלעטאַרישע קולטור־אָרגאַניזאַציעס (וועגן זעלבּן) „מאָרגן־פרײַהײַט. 12־טן יונ 1931.

49) קאַלמען מאַרמאָר — „די קולטור-אַרבעט פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־אָרדן". „מ.פ." 10־טן מײַ 1931.

50) פּ. יוריטש — „די שונד און שאַנד־צאַריקים פון „ייִדישן וואָרט" („זייער „קולטור" און אונדזער קולטור"). „מ.פ." 11־טן אַפּרעל 1931.

51) אַרן קורץ — „דער נײַער ביכער-פאַרלאַג פון דער ייִרביוראָ פון דער קאָמפּאַרטיי". „מ.פ." 8־טן מאַרטש 1931.

52) ב. מאָזער — די ייִדישע פּראָלעטאַרישע קינדער-שולן אין אַמעריקע". זאַמלבוך „יוניאָן־סקוועער", 1930.

53. קאַלמען מאַרמאָר — „פון די סאָציִאַליסטישע „מאַנד־סקולס" צו די קינדער־שולן באַם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־אָרדן" „דער האַמער". פעברואַל 1932 יאָר.

זע אויך „אָקטיאַבער" (מינסק) נום. 74 פון 2־טן אַפּרעל 1932; „עמעס" נום. 87 פון 15־טן אַפּרעל 1932; „דער שטערן" (כאַרקאָוו), אַפּרעל 1932, וווּ עס זײַנען פאַראַן אַרטיקלען, געווידמעט דעם 10־יאָריקן יובּיליי פון „מאָרגן־פרײַהײַט".

---

# אינהאלט לויט טעמעס:

## 1. דעקלעראציע־לידער.



## 2. קלאס קעגנ קלאס



## 3. עקספלואטאציע.

## 4. קריזיס, ארבעטלאָזיקײַט, הונגער.



## 5. שטרײַק.



## 6. ערשטער מײַ און אָקטיאבער־יאָנטעװ.



## אנדערע פּאָליטישע ארױסטרעטונגען פון ארב.־קלאס (דעמאָנסטראציעס, הונ־גער־מארשן, „רױטער דאָנערשטיק“ א.א.װ.)



## 8. װײַסער טעראָר, „מאָפּר“.

## 9. ראסנ־האס, שאָוויניזם און אינטערנאַציאָנאַלע קלאסנ־סאָלידאַרישקייט.



## 10. אָנוווּקס פונ רעוואָליוציאָנערנ קריזיס.



## 11. קאָמפּארטיי, קאָמינטערנ.



## 12. קאָמיוג, פּיאָנערנ.



## 13. קאָמוניסטישע אונ בורזשואזע פרעסע.



## 14. קאמפ פאר פּראָלעטארישער קולטור.

## 15. פאר פארטײדיקנ דעמ ראטנפארבאנד.



## 16. לענינ.



---

руб. פרײַז 2 רוב.



эйскай мове
—„Літаратура
я школ“
пралетарская
аэзыя ў Амэрыцы
ae Выдавецтва
еларусі
к — 1932

НА ЕВРЕЙСКОМ ЯЗЫКЕ
Серия—„Литература
для школ“
Современная пролетарская
еврейская поэзія в Америке
Государственное Издательство
Белоруссии
Минск — 1932